


. מאנטעגאצצא

# די קונסט אויסצוקלייבען

פערלאג
ז. קאנטראוויץ

# די קונסט אַ מאַן אויסצוקלייבען

פון

פראפעסאר פ. מאנטעגאצא.

איבערזעצט פון

מ. זייפערט





פערלאג

S. KANTROWITZ

129 Lafayette Street

New York

## אינהאַלט פערצייכניס:

ערשטעס קאַפּיטעל.

# דאָס יונגע מיידעל ווערט אַ ווייב.



ס איז געווען אַ העלער טאָג אין מערץ מאָנאַט, און אַן אונגעדולדיגע זון, וועלכע איז פריה אויפגע־שטאַנען, האָט אין דער בלויער און ווארעמער לופט פערברייטעט דאָס גאָלד פון איהר ליכט, די וואַ־רעמקייט פון איהר אָטהעם.

די אייזענבאהן־סטאַציאָן איז געלעגען גאַנץ נאָהענט פון עממאַ'ס הויז, און זי, די יונגע עממא, איז אין דער בעגלייטונג פון איהרע נאָהענטע און ווייטע קרובים צו־פוס געגאַנגען צו דער סטאַציאָן, אום איינעם פון איהרע קאָזינס, אַן אינזשינער, וואָס האָט זיך ערשט מיט אַ מאָנאַט צוריק פערלאָבט מיט אַ מיידעל, און זיין אמט האָט איהם געצוואונגען זיין כלה אויף עטליכע וואָכען צו פערלאָזען — צו זיין אוועקפאָהרען גליק צו ווינשען.

קאָזינס, קאָזינעס און טאַנטעס זיינען אביסעל צו־שפּעט גע־קומען, דארום האָט מען מיט אבשיעד נעהמען און הערצליכע אומ־ארמונגען געמוזט קארגען. אַ ווילדע האסטיגקייט האָט געהערשט ביים קויפען די רייזע־בילעטען און דעם באַגאַזש איבערגעבען, און אַלע ווייַלע האָט זיך געלאָזט הערען דער רוף פון די קאָנדוקטאָרס:

— ביטע, מאַכט עס שנעל, מיינע הערשאַפטען, דער צוג געהט באַלד אָב!

ביי אַן ערסט־קלאַסיגען וואַגאָן זיינען די קאָזינס, קאָזינעס און טאַנטעס געשטאַנען צוזאַמענגעדריינגט און האָבען געקוקט אויף דעם אָברייזענדען אינזשינער, וועלכער האָט קיין וואָרט ניט גע־קענט ארויסברייינגען, ווייל ער האָט געפיהלט, דאָס די ווערטער, וועלכע ער וויל זאָגען, זיינען דערשטיקט און נאָר ווייַנענדיג וועט ער זיי קענען אַרויסריידען.

אַלע האָבען זיך געמוזט בענוגענען מיט אַ שטומען שמייכעלע

אויף זייערע געזיכטער, מיט א מינע, וואָס האָט גערעדט פון הערצ־ליכע גריסען און גוט ווינשונגען, און אין וועלכער עס איז דאָך געלעגען א שלעכט־פערבאָרגענע טרויעריגקייט.

די איינציגע, וועלכע האָט קיין שמייכעלע, אפילו א שלעכט־פערבאָרגענעם שמייכעלע אויף איהר געזיכט ניט געקענט ארויפ־ברייגגען, איז געווען דעם אינזשענער'ס יונגע כלה, וועלכע איז שוין צו איהם אין וואַגאָן אריינגעגאַנגען, אום איהם דעם לעצטען קוש צו געבען. די קאָזינס, קאָזינעס און טאַנטעס האָבען מיט פערלעגענהייט אויף דער ערד געקוקט און צום צוואַנציגסטען מאָל האָבען זיי געהערט דעם מאָנאָטאָנעם רוף פון די קאָנדוקטאָרס:

שנעל, מיינע הערשאַפטען, דער צוג געהט אָב!

די כלה האָט געמוזט דעם וואַגאָן פערלאָזען, די טהיר פון וואַ־גאָן איז ברוטאַל און העפטיג צוגעמאַכט געוואָרען, אָבער זי איז נאָך אלץ געשטאַנען אויף דער הינטערסטער פלאַטפאָרם פון וואַ־גאָן.

— לעב וואויל, לעב וואויל, פאָלאָ, קום באַלד צוריק... פער־געס ניט מיר יעדען טאָג צו שרייבען — האָט זי פון וויטען צו איהר חתן געזאָגט.

זיין קאָפּ האָט זיך ווידער אין טהיר געוויזען, האָט זיך צו איהר קאָפּ צוגעבויגען, און איך ווייס ניט וויפיעל מינוטען לאַנג זייערע פיער ליפּען זיינען צוזאַמענגעפרעסט געווען, אלע פיער ליפען האָבען זיך צוזאַמענגעשמאָלצען אין איינס, אין איין לעצטער כליפּעריי.

די יונגע עממא, וואָס איז געשטאַנען ביים וואָגען, האָט מיט פערוואונדערונג די דאָזיגע ריהרענדע סצענע געזעהן. נייגעריג, מיט א גאַנץ נייעם אינערליכען קיצעל און ציטערנדיג מיט איהר גאַנצען יונגען קערפּער, האָט זי ביידען אַנגעקוקט ווי זיי קוסען זיך. זי האָט אפילו דאָס וואָרט „אדיע" ניט געקענט ארויסריידען.

א שאַרפער פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו און דער גערויש פון די רעדער, האָט די צוויי פערליעבטע פאַנאַנדערגעשיידט. דער צוג האָט זיך פון אָרט געריהרט און אין איינינע מינוט איז ער פון דער סטאַציאָן פערשוואונדען.

אלע זיינען צוריק אהיים געגאַנגען, אָבער עממא, האָט מיט

זיך געטראָגען דעם קוס פון דעם פערליעבטען פּאָר, פּונקט ווי יענער קוס וואָלט מיט אַ פּייערדיגע חתימה אויף איהרע ליפּען ארויפ־געדריקט געוואָרען; און זי האָט דעם קוס געטראָגען אויף איהר מויל, אין איהר הארץ, אין איהרע אויגען, דעם גאַנצען טאָג און אויף די גאַנצע פאָלגענדע נאַכט. זי האָט געזעהן דעם קוס, זי האָט איהם געפיהלט, זי האָט זיך געקענט דערמאָנען זיין טאָן... און דאָך האָט זי, ווער ווייס ווי אָפט, געזעהן, ווי איהר פאָטער האָט איהר מוטער געקוסט, ווי מענער האָבען זייערע פרויען גע־קוסט, און זי זעלבסט האָט אָפט, זעהר אָפט קינדער, ברידער און פריינדינען געקוסט און איז דערביי קיינמאָל ניט געוועזן אזוי אונ־רוהיג ווי איצט.

ווארום האָט איהר איצט יענער קוס אזוי שטארק ערשיטערט און אויפגערעגט?

דער קוס איז געוועזן דערזעלביגער ווי יעדער אנדערער, וועל־כען זי האָט אין איהר לעבען עמפפאנגען און צוריקגעגעבען; אָבער זי איז דאָס געוועזן די, וואָס איז אַנדערס געוואָרען.

עממאַ האָט זיך מיט איינמאָל פון אַ קינד אין אַ ווייב אומגעוואַנדעלט.

אין דער נאַכט האָט זי געשלאָפען ווייניג און שלעכט. אין איהר אויפגערעגטען פיבערישען שלאָף האָט זיך איהר גע'חלומ'ט, דאָס זי האָט אָנגעפאנגען אַ רייזע און אַ שעהנער פערליעבטער יונגערמאַן קוסט זי אויף דער פּלאַטפאָרם פון וואגאָן, און דער דאָ־זיגער קוס וויל גאָר ניט פערשווינדען פון איהרע ליפּען.

און דער אייזענבאַהן־צוג בעוועגט זיך שנעל, לארמענדיג און רוישענדיג אלץ ווייטער, און דער יונגערמאַן, וואס האָט שוין מעהר קיין צייט ניט געהאט ארונטערצושטייגען, טראָגט זיך מיט דעם צוג צוזאַמען און קען זיינע ליפּען פון איהרע ניט אָברייסען.

דאָס האָט אויף איהר אַ שרעק ארויפגעוואָרפען, זי האָט מורא געהאט עס זאָל אן אונגליק ניט פּאסירען און האָט געשריען: „שטייג ארונטער, שטייג ארונטער!"....

אָבער דער יונגערמאַן קען ניט ארונטערשטייגען און דער צוג לויפט אלץ שטורעמדיגער ווייטער, איין קוס נאָך דעם אנדערען, און איהרע שרעקענס־געשרייען קענען זיי ניט אונטערברעכען, אָב־

האלטען, זיי בילדען דעם קאהר צו די ציטערדינגע ליפען.

מיט איינמאל ערוואכט זי מיט א הילכיגען אנגסט־געשריי, איהר מוטער ערוואכט און לויפט א דערשראקענע צו איהר בעט.

עממא זיצט אין איהר בעט. איהרע האר ליעגען צושויבערט אויף איהרע שולטערען. איהרע אויגען זיינען ווייט אויפגעריסען און איהר גאנצער קערפער איז מיט שוויים בעדעקט.

— וואס איז דיר, מיין קינד — פרעגט די מוטער — וואס איז דיר געשעהן, מיין אוצר?

— גארנישט, מאמע, איך וויים ניט... — ענטפערט עממא.

און זי וויינט און לאכט דערביי.

די מוטער האט פייער אנגעצונדען און בעטראכט נייגיעריג און ציטערענדיג איהר קינד. עממא ווערט רויט אונטער איהר מוטער'ס בליקען, פונקט ווי זי וואלט עפעס א זינד בעגאנגען. זי שעהמט זיך איבער דעם נייעם געפיהל פון ליעבעס־תאוה, וועלכען זי האט אין איהר ערסטען ליעבעס־טרוים צום ערסטען מאל אין איהר יונגעם לעבען מיט אלע איהרע חושים געפיהלט. לאכענדיג, בליפענדיג און ציטערנדיג, האט זי איהר קאפ אויף איהר מוטער'ס ברוסט פערבארגען, און די הויט פון איהר גאנצען קערפער האט זיך געטרייסעלט ווי דורך דער בעריהרונג פון אן עלעקטרישען שטראם ביי דעם געפיהל פון א ליעבע אהן א זינד.

— מאמע, פערצייה מיר, וואס איך האב דיך דערשראקען — האט זי צו איהר מוטער געזאגט — איך וויים גאר נישט, וואס מיר האט זיך גע'חלומ'ט...

צום ערסטען מאל האט זי די מוטער עטוואס פערשוויעגען, זי האט דער מוטער זאגאר א ליגען געזאגט.

דער דאזיגער חלום און דער קוס, וועלכען זי האט נאך אין דער ערינערונג געפיהלט, איז פאר איהר א זינד געוועזען.

עממא האט אויפגעהערט א קינד צו זיין, זי איז א ווייב געווארען.

די ערצעהלונג.

צווייטעס קאַפּיטעל.

# ביכער און איינבילדונגען.
# חלומות און ווירקליכקייט.



ענע שווערע נאַכט איז איבערגעגאַנגען און נאָך איהר פּיעלע אַנדערע נעכט, אָבער עממאַ איז שוין מעהר ניט געוועזן די פרעהליכע, די לעבענסלוסטיגע און זאָרגלאָזע מיידעל, וואָס זי איז פריהער געוועזן.

זי האָט זיך שוין מעהר ניט געשפּיעלט מיט רייפען אין גאָרטען, זי איז מעהר ניט אומגעשפּרונגען אין הויז פון איין צימער אין דעם אַנדערען, האָט ניט געלאַכט, ניט געזונגען און ניט געלאָזט הערען איהרע טרילער.

די פּיאַנאָ פלעגט זי נאָר עפענען ווען דער מוזיק־לעהרער איז געקומען איהר די לעקציאָן צו געבען, און זעהר זעלטען, שפּעט אין אָבענד, פלעגט זי, ווען זי פלעגט אליין זיין, די פּיאַנאָ עפענען און שפּיעלען די טרויעריגסטע קאָמפּאָזיציאָנען פון דעם קאָמפּאָניסט שאָפּען.

שטונדענלאַנג פלעגט זי זיך האַלטען איינגעשלאָסען אין איהר צימער, און פּלוצלונג פלעגט זי קומען צו איהר מוטער מיט רויט־געוויינטע אויגען.

— וואָס איז דיר, מיין קינד? — פלעגט איהר די מוטער בעזאָרגט פרעגען — וואָרום האָסט דו געוויינט?

— ניין, מאַמע, וואָרום זאָל איך וויינען? איך בין גליק־ליך... — פלעגט זי ענטפערען, און פּלוצלונג, ווי דערשראָקען פון איהרע אייגענע ווערטער, פלעגט זי לאַכען מיט טרעהרען, זיך ווי־שען די אויגען און זיך אַרומדרעהען אהין און אהער.

— דאָס זיינען די נערוועז, די נערוועז — פלעגט זי זוכען איהר מוטער איינצורייידען. — ענטשולדיג מיר, מאַמע!...

— אָבער, מיין קינד, מיין אוצר, איך האָב דיר גאָרנישט

וואס צו פערצייהען! — האט איהר שטענדיג די מוטער געענט־פערט זי ציעהענדיג צו זיך און צודריקענדיג צו איהר ברוסט.

דאן פלעגען זיי ביידע לאכען און וויינען און דער געוויטער פלעגט זיך מיט דעם ענדיגען, אבער די מוטער האט דאך פאר נויטיג געפונען איהר מאן (וואס איז געווען דער געלעהרטעסטער און בעריהמטעסטער דאקטאר אין שטאדט) בעקאנט צו מאכען מיט איהרע זארגען און מיט דער אנגסט איבער עממא׳ס אונרוהיגען צושטאנד.

דער מאן האט נאר געקוועטשט מיט די פלייצעס און האט לאכענדיג געענטפערט:

— דאס איז נאר די ה י ס ט ע ר י ע, וועלכע בעפאלט דעם מענשען, ווען ער ווערט צ י י ט י ג.

דאס זיינען צוויי העסליכע ווערטער, וועלכע די קליניק און די אנאטאמיע צו גלייכער צייט בענוצען, ווען די דאקטוירים ווילען בעצייכנען, אביסעל ברוטאל, די פיזישע, מאראלישע און אינטע־לעקטועלע רעוואלוציאן, וואס פערוואנדעלט דאס אונצייטיגע קינד אין א צייטיגע ווייב: א גאנצע פאעמא פון נייע טוגענדען און נייע פעהלערן, פון ליידענשאפטליכע אטאקען און פון שרעקליכער מידיגקייט, פון ווינשען אהן א פארם און פון ליעבע אהן א גע־ליעבטען; דאס איז א גאנצער ווילדער ריעזענהאפטער חאאס, וועל־כער פון הימעל פערלאנגט א שטימע און פון די מלאכים דעם רוף, וואס זאגט: „דו וועסט א מוטער ווערען“, אדער דעם געשריי פון גהינום, וואס רופט: „דו וועסט א דעמאן זיין“.

* * *

עממא האט זעהר פיעל געלעזען, שטענדיג געלעזען; אבער פון דעם טאג אן, אין וועלכען זי האט געזעהן ווי דער חתן מיט דער כלה האבען זיך אויף דער אייזענבאהן־סטאציאן געקוסט, זיי־נען איהרע ליעבלינגס־ביכער ניט געווען די זעלביגע ווי פריהער, אדער זי האט אין זיי גאנץ אנדערע בלעטער געזוכט. זי האט וויע־דער און וויעדער געלעזען די ווערק פון פ ע ט ר א ר ק א און מעהר פון אלץ זיינע ליעבעס־סאנאטען. אין די ווערק פון ט א ס ס א איז איהר מעהר פון אלעס געפעלען געווארען די ליעבע פון טאנק־

רעדעס און קלאָרינדעס. דעם ראָמאַן „פּאָול און ווירדזשיניא“ האָט זי פערגעטערט, זי האָט אָבער נאָך א מעהר פערליעבטערען פּאָול און א מעהר העראָאישע ווירדזשיניא געוואָלט האָבען.

פון ד א נ ט ע*) האָט זי מעהר ניט געלעזען ווי דעם פינפ־טען געזאַנג, דערפאַר האָט זי איהם אזוי אָפּט געלעזען, דאָס זי האָט איהם אויסוויינינג געקענט, אָבער זי האָט איהם בעסער געוואָלט אלץ מעהר לעזען, ווייל זי האָט ביים לעזען געגלויבט, דאָס זי מאַכט מיט די גרויסע זינד, וועלכע דאַנטע שילדערט אין דעם פינפ־טען געזאַנג.

און זי האָט זעלבסט געגלויבט דאָס זי זינדיגט, ווען זי האָט די דאָזיגע אונשטערבליכע בלעטער געלעזען, און ביי דעם פערז:

„דער מויל, וואָס קוסט מיך. מאַכט מיך אימער שוידערען“, האָט זי געפיהלט ווי א פייער לויפט דורך איהרע אָדערען, א שוידער מאַכט איהר הויט ציטערען, און מעהר ווי איינמאָל האָט זי דעם בוך צוגעמאַכט און ווייט פון זיך אוועקגעוואָרפען.

און דאָך האָט זי איינמאָל, אנשטאָט דעם בוך אוועקצוואוואר־פען, די „זינדיגע“ בלעטער מיט א ווילדער ליידענשאפט געקוסט און האָט דעם דרוק פון איהרע ליפּען אויף דעם פּאַפּיער צוריק־געלאָזען.

אין פּאַאָלאָס קוס האָט זי געהערט אן אָבקלאַנג פון יענעם קוש, וועלכען איהר קאָזין, דער אינזשינער, האָט ביי זיין אוועקפאָהרען זיין כלה געגעבען, יענעם קוס, וואָס איז אויף איהר הארץ שווער ווי איינער פון די אלפּען־בערג געלעגען, און וואָס איז געוועזן דער חלום פון איהרע נעכט.

נאָך אזעלכע געוועהנליכע סצענען, נאָך די דאָזיגע געהיימ־ניספולע דועלען צווישען א בוך און א מיידעל, פלעגט זי אויף זיך זעלבסט בייז ווערען און פלעגט שווערען דעם פינפטען געזאַנג פון דאַנטעס „דיווינא קאָמעדיא“ מעהר ניט צו לעזען, אָבער די שבועה האָט זי העכסטענס א וואָך געקענט האַלטען, מיט גרויס מיה און מיט גרויסע אָפּפער.

*) דאַנטע אַליגהיערי, דער גרעסטער איטאַליענישער דיכטער, דער פערפאַסער פון „דיווינאַ קאָמעדיאַ“. געבאָרען אין יאָהר 1265 און גע־שטאָרבען אין יאָהר 1321.

דער דאָזיגער בוך און זיינע בלעטער זיינען פאַר איהר א פערבאָטענע פרוכט געווען. וואָס מעהר זי האָט זיך געצוואונגען די דאָזיגע פרוכט ניט צו געניסען, אַלץ מעהר בעגעהרענסווערטער און געשמאַקער איז זי איהר פאָרגעקומען, און ענדליך פלעגט איהר דער חיים־הונגער טרייבען דעם בוך ווידער צו נעהמען און וויעדער אויפמישען די אינטערעסאַנטע שטעלע און זיך אויף איהר וואַרפען מיט איהר גוף און מיט איהר נשמה. זי פלעגט זיך פריי־ הער ארומקוקען, אום צו זעהן, אויב זי איז אַליין, אַליין מיט איהר זינד, מיט איהר ליידענשאַפט, מיט דער גאַנצער קראַפט פון א פייערדיגע ליעבע צו א הויכען קערפערליכען גענוס, נאָך וועלכען זי האָט מיט א ברענענדען דאָרשט געשמאַכטעט.

*  *  *

אָבער מיט דאַנטע׳ס „דיווינא קאָמעדיא" אַליין האָט זיך עממא ניט בעגוגענט. וואָס די „דיווינא קאָמעדיא" איז פאַר איהר גע־ ווען, דאָס זיינען פאַר איהר געווען אַלע אַנדערע ביכער, אָדער, אום דייטליכער צו זאָגען, אין יעדען בוך איז געווען א בלאַט, אין וועל־ כען דער פערפאַסער האָט די „זינד" מיט שעהנע און פערפיהרע־ רישע פאַרבען געמאָהלט; דיעזע בלעטער האָט זי געזוכט, דיעזע האָט זי געלעזען און געלעזען מיט שטייגענדער בעצויבערונג, מיט א נייגיעריגקייט, וואָס האָט גאָר ניט געקענט זאַט ווערען.

אויף די דאָזיגע „זינדיגע" בלעטער, האָט זי תמיד געפונען א קוס אָדער א צערטליכקייט, א פערליעבטען אָדער א חתן. פון נאָ־ הענט און פון ווייט האָט זי געהערט דעם אָבקלאַנג פון יענעם קוס, וועלכען זי האָט געהערט אויף דער אייזענבאהן־סטאַציאָן.

די פערזאָנען פון די ראָמאַנען, פון די קאָמעדיען און פון די דראַמען, זיינען פאַר איהרע אויגען געשטאַנען ווי לעבעדיגע, ווען די ראָמאַן־העלדען זיינען געווען יונגע און שעהנע, האָט זי זיי מיט ביינקען און סימפּאַטיע אין איהר האַרץ איינגעשלאָסען. ביי טאָג זיינען זיי געווען איהרע פרעהליכע געזעלשאַפטער, מיט וועלכער זי האָט איהרע לאַנגע שטונדען אָבגעקירצט, און ביי נאַכט האָבען זיי מיט זייערע לוסטיגע פאַנטאַזיעס איהרע חלומות בעפעלקערט.

זי איז נאָך געווען מ י י ד ע ל ה א פ ט, נאָך ריין ווי די

אונוויסענהייט, זי האָט נאָך דאָס ג ע ש ל ע כ ט ניט געקענט. און דאָך האָט זי שוין צעהן, הונדערט, טויזענד ליעבהאָבער געהאַט, וועלכע זי האָט איינעם נאָך דעם אַנדערען געליעבט און דאַן אַלע אין איין אַרמעע פעראייניגט, געשטעלט איינעם געגען דעם צווייטען און פון זיי נעבענבוהלער און געגנער געמאַכט. באַלד איז זי איינעם און באַלד דעם אַנדערען אונטריי געוואָרען, האָט אין דער פאַנטאַזיע דעם פערראַטהען און מיט דעם אַנדערען געזינדיגט. אָט איז זי געוועזן אַ הייליגע און באַלד אַ שקלאַפין פון אַ האַרעם; אָט איז זי געוועזן ריין און אונשולדיג ווי אַ יונגע מיידעל, און באַלד — שמוציג און זינדיג ווי אַ פּראָסטיטוטקע.

* * *

אין אונזער פערבאָרגענע, טונקעלע און הייכלערישע ערציעהונג, וועלכע איז דורכאויס געגרינדעט אויף די רעליגיעזע טראַדיציאָנען פון די מענשען, האָבען מיר שטענדיג פון דער אונוויסענהייט און פון דער אונשולד איינעם און דעמזעלביגען בעגריף געמאַכט, און דאָך זיינען זיי צוויי גאַנץ פערשיעדענע זאַכען: האָבען מיר דען ניט זעהר פיעל אונוויסענדע פרויען, וועלכע זיינען ניט דוקא אונשולדיג, און פיעלע אונשולדיגע אָהן אונוויסענהייט?

עממאַ איז געוועזן אונשולדיג און אונוויסענד, ניט פון איהר אייגענער שולד, נאָר דורך דער שולד פון איהרע עלטערען.

דער פאָטער האָט עממאַ'ס ערציעהונג איבערגעלאָזען פאַר דער מוטער און דאָס מיט רעכט, אָבער די מוטער, וואָס איז געוועזן פון יענע פרויען, וואָס מאַכען פון אונוויסענהייט און פון אונשולד צוויי זיננפערוואַנדטע ווערטער, האָט איהר טאָכטער קיינמאָל ניט אויסגעזאָגט דעם גרויסען סוד פון דער ליעבע, די ערהאַבענע און שרעקליכע בעשטימונגען פון ביידע געשלעכטער. זי האָט מיט די דאָזיגע אויפקלערונגען געוואַרט, ביז די ו ו י י ב וועט אין איהר קינדצייטיג ווערען, און דערווייל האָט עממאַ דעם שליסעל צו די דאָזיגע פּראָבלעמען אַליין געפונען און די געוועהנליכע מאַרטער האָבען זי שרעקליך געפייניגט, ווייל די אויפקלערונגען פון איהר מוטער'ס זייט האָבען איהר געפעהלט.

זי איז פריהער גייסטיג אין קערפּערליך ווייב געוואָרען און

קיין אויסערליכער צייכען האָט ניט בעוויעזען, אז דאָס ווייב טאָגט שוין אין איהר ווענען.

אָבער אין אַ געוויסען טאָג האָט די ברוטאַלע נאַטור אויף עממאַ'ס ריינעם און צאַרטען קערפּער יענעם געהיימניספוּלען און גרויזאַמען שטעמפּעל אַרויסגעזעצט, וועלכע קיין דאַרוויניסטישע טהעאָריע קען ניט רעכטפערטיגען און וועלכע עס מאַכט די ליעבע פון דער פרוי צום מאַרטיריום.

אַלס עממאַ האָט דעם דאָזיגען „שטעמפּעל" אויף איהר לייב דערזעהן, איז זי רויט געוואָרען, האָט אנגסט בעקומען און איז ציטערענדיג פאַר שרעק געלאָפען צו איהר מוטער און האָט איהר מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט וואָס פאַר אַן „אונגליק" עס האָט איהר געטראָפען.

יעצט האָט שוין די מוטער מעהר ניט געקענט שווייגען; זי האָט געמוזט ריידען.

די מוטער האָט דעם דאָזיגען „אונגליק" שוין אַ צייט פריהער ערוואַרטעט און האָט גענוג צייט געהאַט זיך פאָרצובערייטען צו אַן ערקלערונג, ווען דער דאָזיגער נאַטור־פּראָצעס וועט ענדליך איינ־טרעטען. זי האָט די דאָזיגע ערקלערונג פון האַלבע ליגענס און האַלבע וואַהרהייטען אויסגעשפּונען. זי האָט אונוויסענהייט מיט אונשולד אין איהר ערקלערונג פעראייניגט, אָבער מיר איהר האָט פּאַסירט דאָס זעלביגע, וואָס עס פּאַסירט כמעט מיט יעדען פּאָלי־טישען קאַנדידאַט: אין דעם וויכטיגסטען מאָמענט, ווען ער דאַרף האַלטען זיין לאַנג־איינגעשטודירטע רעדע צו זיינע וועהלער, פער־געסט ער זי און רעדט עפּעס וואָס אַנדערש. אויך עממאַ'ס מוטער האָט פערגעסען איהר רעדע, מיט וועלכע זי האָט איהר געוואָלט ערקלערען די נאַטור פון איהר „אונגליק".

— ווייסט דו, מיין טאָכטער — האָט זי צו איהר געזאָגט — דאָס איז גאָרנישט, ווירקליך גאָרנישט...

— אָבער...

— ניין, ניין, דאָס איז עטוואָס, וואָס עס פּאַסירט מיט אַלע פרויען... וואָס...

— אַלזאָ, איז דאָס ניט קיין קראַנקהייט?...

— ניין, ניין, פּארקעהרט; דאָס איז גאָר א צייכען פון געזונדהייט... בערוהיג זיך, מיין קינד, זאָרג ניט, זיי לוסטיג...

מעהר האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען און האָט דעם געשפּרעך אויף אַן אנדער טהעמאַ געבראַכט.

אין אָבענד האָט די מוטער דעם פּאָטער פון דער „גרויסער פּאַסירונג" דערצעהלט און האָט איהם געבעטען ער זאָל איהר אַן עצה געבען.

דער פּאָטער איז אויף דער מוטער זעהר בייז געוואָרען פאַר וואָס זי האָט די טאָכטער שוין פריהער ניט געזאָגט, וואָס זי דארף אין אזא פאַל וויסען, און האָט שטארק געקריטיקירט די נארישע געוואָהנהייט פון די מאַמעס, וואָס האַלטען זייערע טעכטער אין דער פינסטערסטער אונוויסענהייט, וואָס רופט זיך אָב מיט גרויס שעדליכקייט אויף זייער קערפּער און נשמה.

די גוטע דאַמע איז פון דעם מעהר איבערראַשט און וועניגער איבערצייגט געוואָרען.

— אלזאָ, מוז איך איהר אַ ל ע ס זאָגען? — האָט זי געפרעגט.

— אַ ל ע ס! — האָט ער מיט ענטשיעדענהייט געענטפערט.

— ווירקליך אלעס?... אויך דאָס, וואָס עס וועט שפּעטער קומען?...

— געוויס. זי מוז אלעס וויסען.

— און ווארום זאָגסט ד ו דאָס איהר ניט?

— ניין, דאָס איז ד י י ן זאַך. פון די מ ו ט ע ר 'ס ליפּען מוז די טאָכטער ערפאַהרען און קענען לערנען די בעשטימונגען פון דעם פרויען־געשלעכט מיט זייערע געפאַהרען און מיט זייער צויבער. דו מוזט איהר אלעס גאַנץ איינפאַך, אָהן יעדער אויפרעגונג, זאָגען, כדי זי זאָל פערשטעהן, אַז די פרוי איז דערצו פון דער נאַטור בעשטימט. אין דער רעליגיאָן איז דער פריעסטער דער פערטרעטער פון גאָט, ער טויפט זי. אין דער וועלט פון ליעבע, איז די מוטער דער פריעסטער פון דער נייער רעליגיאָן. אין דער צאַרטער און ריינער נשמה פון דער מיידעל איז דאָס אַן איינדרוק, וואָס ווערט קיינמאָל ניט פערלאָשען. עס איז עטוואָס גאַנץ אַנדערש, אויב מען ווערט געבאָרען אין אַ וויעגעלע, וואָס איז אויסגעפּלאָס־

טערט מיט זייד און מיט מוטער־ליעבע, אָדער אין אַן אָרעמע בעט פון אַ געמיינדע־הויז פאַר אָרעמע מוטערס. און אזוי איז עס אין דער ליעבע: די ליעבע מוז געבאָרען ווערען אין אַ נעסט, וועלכען די מוטער האָט געפלאָכטען. די אָרעמע ווערען געבאָרען אין אַ נעסט, וועלכען פּ ר ע מ ד ע האָבען געבויט! די אָרעמע, וועלכע ווערט בעקאַנט מיט די געהיימניסע פון געשלעכט דורך אַן אויסגע־לאַסענע דיענסט־מיידעל, אָדער דורך אַן אַלטען בעל־עבירה, טרעט אריין אין דעם ליעבעס־טעמפּעל דורך דעם רינשטאָק, און ווי לייכט וואָלט זי געקענט אין דעם דאָזיגען ליעבעס־טעמפּעל אריינקומען דורך מאַרמאָרנע טרעפּ און מיט אַ בלומען־בעקרענצטע טהיר!...

## דריטעס קאַפּיטעל.

# די ערשטע ליעבע.



מאַ האָט זיך אַ געוויסע צייט, און איבערהויפּט נאָכ־דעם ווי איהר מוטער האָט איהר די ערשטע לעק־ציאָן איבער דער ליעבע און איבער די בעשטימונגען פאַר דער פרוי געגעבען, מיט אַ טרויער אין הארצען ארומגעטראָגען. זי האָט אויך געהאט שטונדען, אין וועלכע אַ שווערע מרה־שחורה האָט איהר געפּלאָגט.

דער פריהלינג פון אונזער לעבען איז גלייך צו דעם פריהלינג פון יאָהר.

אין די ווארעמע זוננדיגע טעג פון דעם אַפּריל, צו די בע־רוישענדע ראָזען פון מאַי, קומט מען ניט אנדערש אלס דורך די נעבעל און די ווילדע ווינדען פון דעם מערץ.

און אין דעם טעמפּעל פון דער ליעבע, אין דעם ערדישען גן־עדן פון הייסע ווינשונגען, קען מען אנדערש ניט אריינקומען, ווי נאָר דורך די טרעהרען און דער היסטעריע, וועלכע די צייטיגקייט פון דער פרוי ברייננגט מיט זיך.

דאָס זעהט אויס ווי אַ גרויזאמקייט פון דער נאטור, אָבער דאָס איז ניט מעהר פון אַ נאשעריי, אַ כיטראָסט פון אַ העכערען גראַד לעבענסלוסט און גענוסזוכט.

אויף דעם שוועל, וואָס ליעגט צווישען דעם ווינטער און דעם פריהלינג, שפּראָצט די פיאַלקע, און דאָרט, וואו דאָס קינד הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען צום ווייב, שפּראָצט און בליהט די מרה־שחורה, די פיאַלקע פון געפיהל.

און עממאַ איז גראַדע געשטאַנען אויף דעמזעלביגען שוועל.

ווען זי האָט ניט געלערנט, אָדער ניט געשפּיעלט פּיאַנאָ, איז זי אימער געשטאַנען ביים פענסטער.

אַלע מיידלאַך גלייך האָבען ליעב דעם פענסטער, אַלץ איינס

צי ער איז פערשלאָסען אָדער אָפען; דער עיקר איז פאַר זיי אויב זיי קענען זעהן הויך אין די אונענדליכע וועלט, וואָס איז דער הי־מעל, און אונטען, אין די קליינע וועלט, וואו די מענשען בעוועגען זיך.

אלע גלויבען דאָס זיי קענען דעם גרונד פון דער מיידעלשער פאַרליעבע ביים פענסטער צו שטעהן און האלטען יענע, וואָס קענען דעם גרונד פון דער דאָזיגער פאַרליעבע ניט ערקלערען, פאַר נארען. אָבער דער גרעסטער טהייל פון דער דאָזיגער געוויסהייט איז נישט מעהר אלס מיט גאווה אויסגעפוצטע אונוויסענהייט.

איך, פאַר מיין טהייל, האָב שטענדיג איבער דעם דאָזיגען גרונד נאָכגעדאַכט און בין נאָך ניט געווים, אז איך קען איהם.

נאָר איין זאַך בין איך זיכער און דאָס איז, דאָס ניט איין גרונד טרייבט די מיידלאך צום פענסטער; זיי האָבען נאָך פיעלע אנדערע אורזאכען וואָס טרייבט זיי דערצו.

זיי קוקען ארונטער אויף דער גאַס, ווייל זיי זיינען נייגיעריג, אום די נייגיערדע צו צערשטרייען מיט דעם אָנקוקען די מענשען, וואָס געהען אום אהין און אהער. זיי זוכען דאָרט ברויט אָדער ליעבע, נקמה אָדער א געגענגיפט צו זייער לאנגווייליגקייט.

זיי קוקען גראַדע אויס, אום דאָס לעבען פון די נאָהענטע זאכען צו ערפאַרשען.

און ווידער קוקען זיי ארויף אין דער הויך צו די וואָלקענס און שיפען זיך אין דעם גרויסען ים פון דעם אונבעקאַנטען און אונ־ענדליכען שטח, און זייערע געדאַנקען בייטען זיך מיט זייערע פאַר־מען: די מענשליכע געזיכטער פערוואַנדלען זיך פאַר זיי אין משונה'דיגע ים חיות, די ווייסע שטיקער וואָלקען, וואָס זעהען אוים ווי ווייסע לעמער, ווערען פאַר זיי פיפערנאָטערס און די בלומען קומען זיי פאַר ווי שלאַנגען, פונקט אזוי ווי אונטען אין די געסלאך פון דער וועלט, וואו די האָפנונגען פערוואנדלען זיך אין פערצווייפ־לונג און פון די קערנער פון פרייד שפּראָצען ארוים ביטערע פלאַנ־צען און שפּיציגע דערנער.

אָבער וואו זיי זאָלען ניט קוקען, אונטען, אין מיטען און אין דער הויך זוכען די מיידלאך אלץ איינעם און דעמזעלביגען געגענ־שטאַנד: ד ע ם מ א ן.

*   *   *

און אויך עממא האָט דורך דעם פענסטער פון איהר צימער ארויסגעקוקט אויף דער גאַס, און די שטונדען האָבען זיך פאר איהר געצויגען אָהן לאַנגווייליגקייט און אָהן פרייד, אין פאנטאזיען פול מיט שאָטענס און פּאָעזיע. גאַנצע מאסען פּאָעמען האָט זי צווישען די וואָלקען געשריעבען, גאַנצע מאסען קאָמעדיען און דראַמען האָט זי אויסגעפּונען אונטען אויף דער ערד!

די גאַס, אין וועלכע זי האָט געוואוינט, איז געווען אַ ברייטע, אָבער ניט אַזוי ברייט, אום ניט צו קענען אונטערשיידען ווער עס וואוינט אין דער הויז אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

אָבער אין יענעם הויז איז אין דער לעצטער צייט יעדע שטי־מע פערשטומט געוואָרען. קיינער האָט אין דער הויז ניט געוואוינט.

אין אַ געוויסען טאָג האָט זי געזעהן ווי אַלע פענסטער פון דעם דאָזיגען עטאַזש האָבען זיך געעפענט, און דורך די אָפענע פענסטער האָט זי געזעהן די געשטאַלטען פון מענער, פרויען און קינדער, די גאַנצע קאָלאָניע פון אַ גרויסע פאַמיליע.

אָבער קיינער פון די דאָזיגע צאָהלרייכע פאַמיליע האָט איהר אינטערעס ניט געקענט געווינען, אויסער די פּערזאָן פון אַ יונגען מאַן, וואָס איז וואהרשיינליך נאָך קיינע צוואַנציג יאָהר אַלט גע־וועזען. ער האָט געהאַט אַ געזיכט ווי הונדערט אַנדערע, ניט שעהן און ניט העסליך, אָבער מיט יענער בלאַסקייט, מיט יענער מאָגער־קייט, מיט יענער אונזיכערהייט ביים געהן, וועלכע בעווייזען די גרויסע אָנשטרענגונגען, וועלכע די נאַטור מאַכט, אום אַ יונגען אינגעל אין אַ מאַן צו פערוואַנדלען.

אין עטליכע טעג אַרום האָט אויך דער יונגער מאַן עממאַ'ן בעמערקט, און פון יענעם טאָג אָן, האָט ער אויך גאַנצע שטונדען ביים פענסטער פון זיין וואוינונג פערבראַכט, אויסער יענע מאָ־מענטען, ווען זי פלעגט זיך פון איהר פענסטער צוריקציהען.

איינינע וואָכען זיינען פערגאַנגען, אין וועלכע עס האָט צווי־שען ביידען גאָר נישט פּאַסירט. זיי פלעגען זיך נאָר שטום אָנ־קוקען און ביידע רויט ווערען. זי פלעגט איהם פון איהר זייט

זוכען און באלד ווי זי האט איהם געפונען, פלעגט זי פארשעהמט פון פענסטער פערשווינדען.

זי האט קיינמאל ניט געוואגט ביי איהר דיענסט־מיידעל צו פרעגען, ווער איז יענע פאמיליע, וואס האט אין יענער הויז איינ־געצויגען, אבער ביים טיש, ביים עסען, האט זי גאר ניט ווילענדיג ערפאהרען, דאס יענע פאמיליע זיינען רייכע און עהרליכע לייט. דער פאמיליען־פאטער איז געווען אן אדוואקאט, און איינער פון זיינע פיעלע קינדער איז געווען זיין יונגער זוהן, וואס האט אין אוניווערזיטעט מעדיצין סטודירט. דער דאזיגער יונגער מאן האט געהייסען: ע נ ר י ק א.

און אויף דעם דאזיגען ענריקא האט עממא געבויט אלע איהרע אונבעשטימטע ווינשונגען, אלע איהרע חלומות, און אין איהם, כאטש זי האט מיט איהם קיינמאל ניט געשפראכען, כאטש זי האט נאך פון ווייטען זיין שטימע ניט געהערט — האט זי דעם מ א ן גע זוכט.

און דער מ א ן ענריקא האט געזוכט דאס ו ו י י ב עממא און האט זי געליעבט פאעטיש, נאאיוו, מיט דער גאנצער ערהא־בענער קינדעריי פון דער ערשטער ליעבע.

ווער פון זיי ביידען האט מעהר בושה און מורא געהאט, קען איך ניט זאגען; אפשר זיינען זיי ביידע גלייך בישנים און פחדנים ביז אונמעגליכקייט געווען.

ער האט געשריעבען פערזען, וועלכע ער האט געוואלט צו איהר אין פענסטער אריינווארפען, אבער זיי זיינען געבליבען ליגען אין א קעסטעל פון זיין שרייב־טיש; זי האט געוואלט בלייבען שטעהן ביים פענסטער, ווען זי האט איהם געזעהן שטעהענדיג ביי זיין פענסטער, און מיט א שמייכעלע ענטפערען אויף זיין בליק; אבער אנשטאט דעם, איז זי באלד פון פענסטער פערשוואונדען און דעם שמייכעלע איהרען האט ער קיינמאל ניט געקענט זעהן.

זיי האבען זיך אויך מעהר ווי איינמאל אויף דער גאס געטרא־פען און איינמאל גאר אין טהעאטער, וואו זיי זיינען געזעסען אין צוויי בענאכבארטע לאזשען. דאמאלס האבען זיי זיך פיעל לייג־גער ווי געוועהנליך אנגעקוקט און האבען געטראכט וואס ווייניגער זיך צו שעהמען און רויט ווערען.

*　*　*

אין דעם צושטאַנד איז אַ האַלב יאָהר פערגאַנגען און דער צושטאַנד האָט זיך אויף אַ האָאר ניט געענדערט.

ער האָט געוואוסט, אַז ער ווערט געליעבט, און זי האָט געהאַט די געוויסהייט, דאָס ער פערגעטערט זי, און ביידע האָבען געהאַט דאָס פולע בעוואוסטזיין, דאָס זיי ליעבען. אָבער וואו און ווי די דאָזיגע ליעבע וועט זיך ענדיגען, האָט קיינער פון זייביידען ניט געוואוסט, און זיי האָבען קיין שריט פאָרווערטס ניט געמאַכט, אום נעהנטער צו קומען.

די איינציגע קאָרעספּאָנדענץ צווישען זיי איז געוועזן די: ווען עממאַ האָט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד אויף זיך געטראָגען אַ קלייד פון אַ געוויסע פאַרב, פלעגט ענריקאָ ערשיינען אין פענסטער מיט אַ שניפּס אויפ'ן האַלז פון דערזעלביגער פאַרב ווי איהר קלייד.

אָבער אין אַ געוויסען טאָג איז ענריקאָ פון שלאָף אויפגעשטאַנען מיט פול מוטה. ער האָט זיך געפיהלט אַלס העלד און האָט געוואָלט אויסנוצען זיין העראָאיזמוס, ווייל ער האָט מורא געהאַט ער זאָל ניט פערשווינדען.

ער איז אַוועק פון הויז, האָט זיך געקויפט אַ בוקעט מיט פיאַלקעס, און נאָכדעם ווי ער האָט דעם בוקעט אין סטאַניאָל־פּאַפּיער (צין־פּאַפּיער) איינגעוויקעלט, האָט ער אין בוקעט אַ שטיינ־דעל מיט אַ קליין צעטעלע אריינגעלעגט. אויף דעם צעטעלע זיינען נאָר פאָלגענדע ווערטער געשטאַנען: „ענריקאָ צו זיין פערגעטערטער עממאַ“.

דאַן, אַלס ער האָט געזעהן, דאָס איהר פענסטער שטעהט אָפען, און פון די אַנדערע פענסטער קוקט קיינער ניט ארויס, האָט ער מיט זיין גאַנצער קראַפט דעם בוקעט אין איהר צימער אריינ־געוואָרפען.

ענטוועדער ער האָט צו שטאַרק געציטערט, אָדער ער האָט ניט גענוג קראַפט געהאַט, דער רעזולטאַט איז געוועזן טרויעריג פאַר איהם. דער בוקעט איז געפאַלען און געבליבען ליעגען אויף דעם טראָטואַר. אַ גאַסען־יונג, וואָס איז אין דעם מאָמענט פאַרביי־געגאַנגען, האָט דעם בוקעט אויפגעהויבען און איהם אַוועקגע־טראָגען.

* * *

ענריקאָ'ס פערדרוס און שרעק איבער זיין מוטהווילינער האנד־לונג, דורך וועלכע זיין עממא קען בעליידיגט און קאָמפּראָמיטירט ווערען, איז געווען אזוי גרויס, דאָס עטליכע טעג נאָכאנאנד האָט ער גאָר ניט געוואגט ביי זיין פענסטער זיך צו ווייזען, און דאָס איז געווען א גרויסע איבערראשונג פאר עממא'ן, וועלכע האָט גאָר ניט געוואוסט די מאָטיוועז פון ענריקא'ס אונגעוועהנליכע אָבוועזענהייט.

דערווייל האָט זי זיך מיט יעדען טאָג אלץ מעהר פערליעבט.

זי האָט ניט נאָר געליעבט ענריקאָ'ן, ווייל זי האָט איהם גע־פונען פאר שעהנער סימפּאטישער און אינטעליגענטער פון אלע מענער, זי האָט אויך געליעבט די סטודענטען און די דאָקטוירים דערפאר וואָס זיי פערקעהרען מיט איהם.

ביים טיש, ביי די אָבענדליכע געשפּרעכען מיט איהרע עלטע־רען, האָט זי שטענדיג געפונען א מיטעל ווי דאָס געשפּרעך אויף מעדיצינישע טהעמען ארויפצוברייננען, זי האָט געוואָלט וויסען וויפיעל יאָהר עס געדויערט דאָס שטודיום אין אוניווערזיטעט, אום דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם צו בעקומען, זי האָט אויך געזוכט צו ער־פאהרען ווער זיינען די בעריהמטעסטע האָקטוירים אין דער שטאָדט און אויך די נעמען פון אלע פּראָפעסאָרען פון דער מעדיצינישער פאקולטעט האָט זי געוואָלט וויסען.

דער דאָזיגער אומשטאנד איז איהרע עלטערען ווי אויך די גאנצע פאמיליע אויפפאלענד געוואָרען און קיינער פון דער פא־מיליע האָט זיך ניט געקענט ערקלערען פון וואנען עממא'ס אינ־טערעס צו מעדיצינישע שטודיען שטאמט. אז דער דאָזיגער אינ־טערעס בעציהט זיך צו דעם סטודענט, וואָס וואוינט אויף דער צווייטער זייט גאָס, האָט קיינער קיין שום אהנונג ניט געהאט. אין א געוויסען טאָג, ביים טיש, האָט דער פאָטער מיט א שמייכעל צו איהר געזאָגט:

— ווילסט דו פיליכט מעדיצין שטודירען, מיין ליעבע עממא? דו ביזט צו אלט אום אזא לאנגען שטודיום אָנצופאנגען.

ווען עממא איז מיט איהר מוטער, אָדער מיט איהרע א פריינ־דין, שפּאציערען געגאנגען, פלעגט זי זיך שטענדיג אָבשטעלען ביי

די מאַגאַזינען פון כירורגישע אינסטרומענטען און פלעגט די אינ־סטרומענטען מיט אַ ליעבפולער אויפמערקזאמקייט בעטראַכטען און פלעגט זיך אין די געדאַנקען פערזעצען אין יענע צייטען, אין וועל־כע ענריקאָ וועט מיט די דאָזיגע אינסטרומענטען ארבייטען, אום געפעהרליכע אָפּעראַציאָנען אויסצופיהרען און מאַנכען אונגליקליכען קראַנקען דאָס לעבען רעטען.

אין די שויי־פענסטער פון די בוכהאַנדלונגען פלעגען איהרע אויגען זוכען נאָר יענע ווערק, וואָס בעהאַנדלען מעדיצינישע אנגע־לעגענהייטען, און כאָטש זי האָט אפילו דעם זין און די בעדייטונג פון די טיטלען ניט פערשטאַנען, האָט זי אויף די דאָזיגע ווערק שטענדיג מיט גרוים ליעבשאַפט געקוקט.

אויך מיט די דאָזיגע ביכער וועט זיך אמאָל איהר ענריקאָ בעשעפטיגען, און זי האָט שוין גע׳חלומ׳ט פון יענער צייט, ווען זי וועט זיי ביי איהם אין זיין דאָקטאָר־קאַבינעט זעהן, דאָן, ווען זי וועט שוין מיט איהם צוזאַמען לעבען. ער וועט זיצען שטודירענ־דיג ביי זיין שרייב־טיש, און זי וועט מיט אַ האַנד־ארבייט זיצען נעבען איהם.

ער זיצט ביים טיש און שטודירט, אָבער יעדען אויגענבליק רייסט ער אָב זיינע אויגען פון די ביכער, אַ ווייל בעטראַכט ער זי צערטליך, שמייכעלט איהר צו, פון צייט צו צייט קוסט ער זי, זי בעקומט אַ קוס ווי יענעם „בעריהמטען" קוס, וועלכען איהר קאָ־זין האָט געגעבען זיין כלה אויף דער אייזענבאהן־סטאַציאָן פאַר זיין אוועקפאָהרען.

* * *

אָה, וואָרום קען מען פאַר דעם הערבסט פון די רייפערע יאָה־רען, פאַר דעם ווינטער פון אַלטקייט ניט בעהאַלטען די בלומען, וועלכע זיינען געפאַלען אויף אונזערע קעפּ און צו אונזערע פיס, וועלכע האָבען אונז פון אַלע זייטען געגלעט, ווען מיר זיינען דעם פריהלינג פון אונזער יוגענד דורכגעגאַנגען?

פון די בלומען, וועלכע עס בליהען אין די גערטנער און אויף די פעלדער, בעזיצען מיר די קונסט פערשיעדענע פּאַרפומען צו דעסטילירען, וועלכע מיר האַלטען איינגעשלאָסען אין פלאַקאָנס און זיי ערינערען אונז פון ווייטען אָן יענע גערטנער און פעל־

דער, וואו זיי האָבען אמאָל געבליהט און געלעבט; אָבער פון יענע אנדערע בלומען, די בלומען פון אונשולד, פון ליעבע, פון זאָרג־לאָזיגקייט, וועלכע לאשצען זיך צו אונז און אונזער לופט און לעבען פערזיסען — דעם פארפום און דעם אראָמאט פון די דאָזיגע בלומען דעסטעלירען מיר ניט און בעהאלטען ניט. וועלכער פאָנאָגראף בעהאלט פאר אונז די ערהאבענהייט און דעם צויבער פון יענע בלומען אָהן שמערצען, יענע טרעהרען אָהן ביטערקייט, וועלכע לייכטען אין דער טונקעלהייט פון אונזער יוגענד ווי בריליאנטענע טהוי־טראָפּענס און געהען איבער אזוי לייכט אין הערצליך קלינגענדען לאַכען?

נישטאָ וואָס צו בעוויינען די אונמעגליכקייטען פון דעם פאָנאָגראף און פון דעם פארפומער! קיין זאך, וואָס ווערט געבאָרען, שטארבט ניט, און אין דעם רינגעל־טאנץ פון לעבען, וואָס רוהט קיינמאָל ניט, דרעהען זיך די אטאָמען און בייטען אום זייערע פאָרמען און הארמאָניען. די בלומען פון פריהלינג צוגעהען אין דער ערד, וועלכע שפּייזט די מענשען, און א נייע יוגענד זויפּט די זאַפטען פון אונזערע פערוועלקטע בלעטער, און אויף אונזער אלט־געװאָרענעם צווייג צייטיגט די פרוכט!

*　*　*

פריהער פאר אלץ וואָלט עממאַ פאר דעם געליעבטען געקענט ליידען.

דער מאן זעהט, חלום'ט און זוכט אין דער פרוי, וועלכע ער ליעבט, נאָר דעם ק ע ר פ ע ר ל י כ ע ן ג ע נ ו ס.

די פרוי זעהט, טרוימט און זוכט אוועקצוגעבען דעם מאן, וועלכען זי ליעבט, אלעס, וואָס זי האָט אייגענעס, איהם זיך גאנץ און פאָלשטענדיג צו אָפּפערען.

ווי אָפט האָט עממא חלומ'דיג געזעהן ווי איהר ענריקאָ ברעכט צוזאמען אויף דער גאס אונטער די פיס און רעדער פון פערד־און־וואָגען, וואָס זיינען איהם איבערגעפאָהרען! אָדער איבערגעפאלען פון א מערדער ביים ברעג פון א טיעפען אָבגרונד.

און דאן, ווען קיינער איז איהם צו־הילף ניט געקומען, האָט זי זיך גענומען דאָס רעכט צו דעם געפאלענעם און פערוואונדעטען

צו לויפען, איהם אויפצוהויבען, זיין בלוט אָבצוּאוּוישען, זיין פון איהר פערגעטערטען קאָפּ אויף איהר שוים אוועקצולייגען, איהם צו בעשירמען און צו היילען.

אָבער אויך דער דיענסט פון א בארמהארציגע שוועסטער (נוירס) איז עממא׳ן נאָך ניט וויכטיג גענוג פאָרגעקומען. זי האָט זיך געוואונשען עס זאָל זיך טרעפען עפּעס אן אונמעגליכער פאַל, וואָס זאָל איהר פערשאפען די מעגליכקייט איהם צו רעטען דורך אייגענע געפאַהר, זאָגאר מיט דעם פרייז פון איהר אייגענעם לע־בען, און שטארבענדיג פאר איהם צו הערען זיין דאנק און צו איהם זאָגען:

— זעה, מיין געליעבטער, איך שטארב פאר דיך, גיב מיר א קוש, דעם ערשטען און דעם לעצטען !...

און דאן, מיט דיעזען קוש שטארבען, פאר איהם דאָס לעבען אויסהויבען, אין דער אונענדליכקייט פערגעהן, מיט דער געוויס־הייט זיך אין הימעל מיט איהם וויעדערזעהן.

* * *

די יונגע, אונוויסענדע, נאאיווע און אונשולדיגע עממא האָט זיך געפּלאגט און צו דער זעלביגער צייט געקוויקט מיט פּאָעטישע חלומות, און דאָס לעבען האָט זיינע פּראָזאאישע האנדלונגען גע־טריעבען.

אין א געוויסען פריה־מאָרגען איז דורך עממא׳ס אָפּענעם פענסטער א קליינער און שווערער פּאקעט אריינגעפלויגען און איז אויף דעם טעפּיך געבליבען ליעגען.

איידער עממא האָט דעם פּאקעט אויפגעהויבען, איז זי צו־געלאָפען צום פענסטער מיט דער אבזיכט צו זעהן דעם „שיסער“, וואָס האָט די דאָזיגע אונשולדיגע „באָמבע“ אָבגעשאָסען, אָבער ער איז שוין פריהער פערשוואונדען.

מיט די האסטיגקייט פון א הייס־הונגער האָט זי זיך אויף דעם פּאקעט געוואָרפען, אָבער א לאנגע צייט האָט זי מורא געהאט איהם צו עפענען.

איהר הארץ האָט שטארק געקלאפּט, זי האָט געפיהלט, אי

מורא, אי נייגיערדע, אונגעדולד צו וויסען, און די מורא א זינד צו בעגעהן.

דער דאָזיגער פּאַקעט איז פאר איהם געוועזן א מין לעבעדיגע זאך, און צו גלייכער צייט א בעווייז־מאַטעריאל פון א בעגאַנגע־נעם פערברעכען. זי האָט קיין מאָמענט ניט געצווייפעלט אין דער פּערזאָן, וועלכע האָט דעם פּאַקעט צו איהר אריינגעשליידערט, און גראָדע דאַרום האָט זי געגלויבט, דאָס עס וועט פון איהר זיין א זינד איהם צו עפענען, ווייל זי איז זיכער געוועזן, דאָס אין פּאַקעט ליעגט איינגעשלאָסען א בריעף צו איהר.

און צולעצט, אלס זי האָט זיך מיט איהר גאַנצען מוטה צוזאַ־מענגענומען און האָט דעם פּאַקעט געעפענט, האָט זי בעקומען א פולע בעשטעטיגונג פון דעם וואָס זי האָט ערוואַרטעט. זי האָט אין פּאַקעט געפונען א שטיין און א פערשלאָסענעם בריעף, אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען אָנגעשריעבען די זעלבינע ווערטער, וועלכע זיינען געוועזן געשריעבען אויף דעם צעטיל אין דעם בוקעט, וואָס איז אונגליקליכערווייזע געבליבען ליעגען אויפ'ן טראָטואַר:

„ענריקאָ צו זיין פערגעטערטער עממאַ“.

אָבער דער בריעף איז ניט געעפענט געוואָרען. עממאַ האָט איהם מיט קאָנוואולסיוויש־ציטערדיגע הענד אין איהר קעשענע בע־האַלטען. דאָרט איז ער דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט פון איהר אונבעריהרט געלעגען, פון דאָרטען האָט זי שפּעטער אָפט אַרויסגענומען, בעטראַכט, דורך דאָס ליכט אויף איהם געקוקט, אום צו זעהן, אויב זי וועט קענען כאָטש מיט א פּאָר ווערטער איבערלע־זען, ניט עפענענדיג דעם קאָנווערט.

דער דאָזיגער בריעף האָט געשלאָפען אונטער איהר קאָפּ־קי־שען, אָבער זי האָט ניט געשלאָפען, מיט דעם בריעף אונטער איהר קאָפּ, איז זי געלעגען ווי אין א קאָנוואולסיווישע לעטהאַרגיע פול פון זיסע מאַרטער און פאַנטאַסטישע חלומות מיט אָפענע אויגען.

ווי אָפט האָט זי פייער אָנגעצונדען מיט דעם פעסטען ענט־שלוס דעם זיעגעל אויפצוברעכען, דעם בלאַט אַרויסצונעהמען און זיך אריינוואַרפען אין דעם ים פון אונבעקאַנטע און אזוי לאַנג גע־חלומ'טע זיסיגקייטען און זיך באָדען און באָדען...

און ווי אָפט האָט זי דעם פייער ווידער אויסגעלאָשען, אום דעם זינדיגען נסיון בייצושטעהן !...

אָבער אלס זי האָט זיך דעם אַנדערען טאָג אין דער פריה, מיד פון דעם לאַנגען און שווערען קאמפף און אויסגעמאַטערט פון דער שלאָפלאָזער נאַכט, פון איהר לאַגער אויפגעהויבען, איז זי גלייך געלאָפען צו איהר מוטער אין צימער, וואו יענע איז נאָך אין בעט געלעגען, האָט די מוטער ארומגעכאַפּט מיט ביידע אָרעמס און האָט וויינענדיג צו איהר געזאָגט :

— זעה, מאַמאַ, דער יונגער מאַן, וואָס וואוינט אונז געגענ־איבער, האָט מיר דורך דעם פענסטער דיעזען בריעף אריינגעוואָר־פען... אָבער איך גיב איהם דיר...

אָבער אויך די מאַמעס, וועלכע האָבען שוין געווים אין זייער יוגענד אַלע ליעבעס־פּראָצעסען מעהר אָדער ווייניגער דורכגעמאַכט, און האָבען אין דער ליעבעס־וועלט די ריכטיגע עקספּערטען גע־דאַרפט זיין, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען זייערע טעכטער, זיינען זייערע אויגען מיט דרייפאַכע בינדען פערבונדען, זיי זעהען נישט און פערשטעהען נישט.

אויך עממאַ'ס מאַמע האָט גאָרנישט געקענט פערשטעהן. אויף איהר פּנים האָט זיך אויסגעמאָהלט א מיענע פון איבערראַשונג, אַזוי ווי זי וואָלט פון די וואָלקענס ארונטערגעפאַלען. זי האָט דעם בריעף גענומען מיט אַזאַ אונגעדולדיגע נייגיערדע, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט דער בריעף זאָל פון איהר ניט אַוועקפליהען, האָט איהם ערגעץ־וואו בעהאַלטען, האָט די טאָכטער פאַר דעם בעווייז פון איהר צוטרויען געדאַנקט און האָט צו איהר געזאָגט :

— בראַוו, מיין עממאַ, בראַוו ! איך דאַנק דיך... טהו שטענ־דיג אַזוי. פערטרוי מיר אין אַלעס אָהן מורא און אָהן צווייפעל. קיינער ליעבט דיך ניט מעהר פון מיר און קיינער ווינשט מעהר פון מיר דיין גליק.

עממאַ האָט דעם דאָזיגען בריעף מעהר ניט געזעהן און די מאַמע האָט מיט דער טאָכטער איבער דעם בריעף מעהר ניט גע־רעדט.

דאָס איז געוועזן א ליעבעס־בריעף, ווי מען שרייבט איהם ווען

מען איז צוואנציג יאהר אלט. ריין און פייערדיג, נאאיוו ווי די אונוויסענהייט און היים ווי די יוגענד.

אין די פאלגענדע צעהן טעג זיינען נאך צוויי בריעף אין עממא'ס צימער אריינגעשליידערט געווארען און אויך דיעזע צוויי האט נאר די מוטער געלעזען. און אויך דיעזע צוויי זיינען געווען ווי דער ערשטער: נאאיוו ווי די אונוויסענהייט און היים ווי די יוגענד.

פיערטעס קאַפּיטעל.

# די קאָרעספּאָנדענץ געהט אָן ווייטער. צוויי נייע ליעבהאָבער.



יר שיינט העכסט וואהרשיינליך, דאָס דער לעזער ווינשט איך זאָל איהם זאָגען, דאָס נאָך יענע דריי בריעף האָט עממאַ מעהר קיינע בריעף ערהאַלטען.

אָבער ווייל מיין ערצעהלונג איז אַ וואהרע געשיכטע און די ערשטע שולדיגקייט פון דעם געשיכט־שרייבער איז גאַנץ אויפריכטיג צו זיין, מוז אויך איך די וואהרהייט זאָגען, די גאַנצע וואהרהייט און ניט אַנדערש אַלס די וואהרהייט. און די וואהרהייט איז זעהר פערשיעדען פון יענער, וועלכע דער פריינדליכער לעזער ווינשט אָדער ווי ער נעהמט אָן.

אויף דעמזעלביגען וועג ווי די ערשטע דריי בריעף, האָט עממאַ אַ פיערטען בריעף ערהאַלטען, וועלכען זי האָט באַלד, ווי די ערשטע דריי, איהר מוטער נ י ט איבערגעגעבען; זי האָט איהם פערבאָרגען ביי זיך אין בוזים מיט דעם פעסטען ענטשלוס אויף דעם בריעף שפּעטער איהר מוטער איבערצוגעבען.

אָבער דער בריעף, וועלכער איז אום צעהן אוהר אין דער פריה דורך איהר פענסטער צו איהר אַריינגעשליידערט געוואָרען, איז נאָך אום צעהן אוהר אָבענד געלעגען אויף דעמזעלביגען פּלאַץ, וועלכען עממאַ האָט איהם אין דער פריה געגעבען, און ווייל דער בריעף האָט זיך אויף יענעם פּלאַץ זעהר גוט געפיהלט, רעכט וואַרם און לוסטיג וועגען זיין ראַזיגעס נעסט, וואָס איז געוועבט געוואָרען פון אַ בעסערען מאַטעריאַל, אַלס די געוועהנליכע נעסטען פון שטרוי און פון גראָז — האָט ער קיין לוסט געהאַט איהם צו פערלאָזען.

אום צעהן אוהר אין אָבענד איז עממאַ שלאָפען געגאַנגען, און דער „פערברעכערישער“ בריעף האָט איבערגעוואַנדערט פון זיין

ראָזיגען נעסט אין א ווייסען, מיט זיידענע שפּיצען בעפּוצטען און פון פרישער יוגענד אויסגעפּאַרפומירטען נעסט — איהר בעט.

עממא האָט דעם בריעף אוועקגעלייגט אונטער איהר קישען, אָבער נאָך א געוויסע צייט האָט זי איהם ווידער אין איהר הענד גענומען, און די ראָזיגע הענד האָבען דעם זיגעל אויפגעבראָכען מיט אזא האסטיגקייט, פּונקט ווי איהרע הענד וואָלטען בעפאָלען געוועזען פון א קראַמפּף.

צווישען דעם זיגעל אויפברעכען און דעם לעזען זיינען פיעלע מינוטען פערגאַנגען, שמערצהאַפט און אויפגערעגט, ווי א טויט־קאַמפּף, לאַנג ווי יאָהרהונדערטער זיינען פאַר איהר די מינוטען גע־וועזען, אָבער ביי דעם שיין פון א ליכט האָט זי ווידער דעם בריעף געלעזען, און איהרע אויגען און איהרע הענד און מעהר פון אַלעם האָט איהר הארץ ביים לעזען געציטערט, די הארץ פון דער אונ־שולדיגער מיידעל, וואָס האָט געגלויבט, אז שוין מיט דעם לעזען אליין, איז זי די ע ר ש ט ע ז י נ ד בעגאַנגען.

וואָס וועט זיין ד י ל ע צ ט ע זינד?...

די לעצטע ווייס איך ניט, וועיל אין דער ליעבע קען איך נאָר די צווייטע און די דריטע און די פיערטע און די הונדערטע — די ל ע צ ט ע קען איך ניט.

עטליכע טעג שפּעטער איז אריינגעשליידערט געוואָרען א בריעף נומער פינף, און דאַן א בריעף נומער זעקס. אויך די האָט עממא אין דעמזעלביגען ראָזיגען נעסט בעהאַלטען און ביי נאַכט אין די זעלביגע ווייסע בעט געלעזען, אָבער עממא האָט זיי קיין אנטוואָרט ניט געגעבען.

ערשט אויף דעם בריעף נומער זיעבען האָט זי אן ענטפער גע־געבען, און פון יענעם אויגענבליק איז די טעלעגראַפּענליניע, וועל־כע האָט די צוויי נאַיווע, די צוויי ליעבענדע הערצער פערבונדען, מעהר ניט אונטערגעבראָכען געוואָרען.

אָבער די זינדען האָבען ניט געהאַט די גלייכע נומערען ווי די בריעף, די זינדען האָבען אויף זיך געטראָגען א פיעל גרינגערע נומער. ווען די בריעף האָבען שוין אויף זיך געטראָגען די נומער צוואַנציג, האָבען די זינד ערשט דערגרייכט די נומער צוויי.

ווי קומט עס? גאַנץ איינפאַך: די זינד נומער איינס: ער־

האַלטען בריעף פון א יונגען מאַן און זיי לעזען און דערפון די מו־טער ניט זאָגען.

די זינד נומער צוויי: געבען אן ענטפער אויף די דאָזיגע בריעף.

אויף דער זינד נומער איינס קען מען ביים פריעסטער א סליחה ומחילה בעקומען; אָבער אויף דער זינד נומער צוויי, איז גאָר ניטאָ קיין כפרה. און ווער ווייס ווי לאַנג די ד ר י ט ע זינד וועט אויף זיך לאָזען ווארטען?...

* * *

דערווייל, ביז די דריטע זינד איז נאָך אין דער טונקעלער צוקונפט פערבאָרגען געוועזען, האָט זיך עממאַ צוויי נייע פערעהרער ערוואָרבען. זיי זיינען געווען געוועהנליכע בעזוכער אין איהר פאַ־טערס הויז אוןביידע האָבען זיך אין איין צייט אין איהר פער־ליעבט.

אָבער עממאַ האָט די דאָזיגע נייע ליעבשאַפט גאָר ניט בע־מערקט, ווייל טראָטץ ענריקאָ'ס ליעבע־בריעף און טראָטץ איהרע אנטוואָרטען אויף זיי, איז זי נאָך אלץ געווען א גרויסע אונשולד, און ווייל די ביידע, וואָס האָבען זיך צו איהר הארץ גע'שדכנ'ט זיי־נען טרוסליווע און צוריקהאַלטענד געוועזען. איינער איז געווען זעהר יונג און זעהר געלעהרנט און דער צווייטער זעהר העסליך און זעהר אלט. דער ערשטער איז געווען פינף און צוואַנציג יאָהר אלט, ער איז געווען דער אינזשינער ר י נ א ל ד י נ י, מעהר מאַן פון וויסענשאַפט און ווייניגער אינזשינער; דער צווייטער איז געווען דער מארקיז פאָן אָ ק ו ו א פ ר ע ד ד א. זעכציג יאָהר אלט און דריי אָדער פיערפאַכער מיליאָנער.

דער אינזשינער רינאַלדיני איז פון דער נאַטור צו גרויסע זאַ־כען בעשטימט געוועזען, אָבער קיינער האָט דאָס ניט בעמערקט, ווייל ער איז צו בעשיידען געוועזען און האָט זיך שטענדיג אין הינ־טערגרונד פון לעבען געהאַלטען.

א פייגלינג פון טעמפעראַמענט און דערצו א שעהמעוודיגער, און ווייל ער האָט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט גאָרנישט גע־קענט ווי נאָר די הויז פון זיין מוטער און די שוהל, אין וועלכער ער האָט געלערנט, בעשיידען, ווייל ער האָט פיעל שטודירט און זעהר

ביעל געוואוסט; אבער זיין אידעאל איז געווען אזוי ווייט און אזוי הויך, דאס עס האט זיך איהם אויסגעדאכט, דאס אויך ביי א לעבען פון אכטציג יאהר וועט איהם אונמעגליך זיין דעם דאזיגען אידעאל צו דערגרייכען.

גלייך ווי ער האט מיט גרויסע עהרע זיין דיפלאם בעקומען, איז ער פון דער רעגיערונג בערופען געווארען אויף א שטעלע פון טעכנישען אינספעקטאר אין דער קעניגליכער מארינע, מיט דעם אויפטראג צו שטודירען די עקספלאזיוו־שטאפען.

ער איז פון דער נאטור בעגאבט געווען מיט אן ערפינדע־רישע זשעניע, און שוין די ערשטע מאנאטען פון זיין דיענסט האט ער א וויכטיגע נייעס ענטדעקט אין דער פאבריקאציאן פון טאר־פעדאס, וואס איז געאייגענט געווען אין דער כעמישער וועלט א רעוואלוציאן און איבערקעהרעניש ארויסצורופען. ער האט זיך אבער ניט געאיילט מיט זיין ערפינדונג זיך צו ריהמען, אדער זיינע רע־זולטאטען אין דער עפענטליכקייט צו פובליצירען.

ער איז געווען צוריקהאלטענד, ער איז געווען בעשיידען, אבער מעהר פון אלעם איז ער ניט אונגעדולדיג געווען. די אונגעדולד איז דער פעהלער פון די שוואכע.

זיין שטעלע איז געווען אין דער שטאדט ס פ ע צ י א, וואו ער האט זיין ביורא געהאט. אלס ער האט בעקומען אן אורלויב (וואקיישאן), איז ער געקומען נאך פ ל א ר ע נ ץ, וואו זיין מו־טער האט איהם געבעטען ער זאל זיך אין דער געזעלשאפט צער־שטרייען.

— עס איז דיר נויטיג זיך אויסצורוהען פון דיינע שטודיען — האט די מוטער צו איהם געזאגט — און דו מוזט קענען לערנען די וועלט, אין וועלכער דו האסט צו לעבען, די וועלט, וועלכע איז דיר אבסאלוט אונבעקאנט. דו ביזט ניט נאר אן אינזשינער, דו ביזט דאך אויך א מ ע נ ש!

און רינאלדיני איז מיט זיין מוטער גאנץ איינפערשטאנדען געווען, ווייל ער האט אויך געפיהלט ווי נויטיג עס איז איהם די נייע וועלט פאר איהם צו זעהן און אין איהר צו פערקעהרען. עס האט זיך ענדליך אין איהם ערוועקט די גרויסע נייגיעריגקייט זיך צו געפינען אין דער געזעלשאפט פון דעם צ ו ו י י ט ע ן מ י ן

מענשען, וועלכען די פּאָעטען קרוינען מיט דעם נאָמען: „דאָס בע־סערע געשלעכט“.

ער האָט געטראָפּען עממא'ן און האָט זיך שוין אין ערשטען אויגענבליק אין איהר פערליעבט. מיט איהם האָט פּאַסירט דאָס, וואָס די פּסיכאָלאָגען און ראָמאַנען־דיכטער האַלטען פאַר „א בליץ פון ליטערען הימעל“, א בליץ, וואָס קומט אונערוואַרטעט און פאַר־ברענט א מענשליכעס וועזען.

פאַר איהם, דעם נאאיווען און בעשיידענעם, איז ליעבען און הייראַטהען איין איינציגער בעגריעף געווען, אָבער ווי קען ער שטרע־בען די האַנד און הארץ פון א שעהנע, געבילדעטע און רייכע מיי־דעל צו בעקומען, ער, וואָס זיין גאַנצעס אייגענטהום איז נאָר זיין דיפּלאָם געווען? און פון דער אַנדערער זייט, ווי קען ער אין זיך דערשטיקען די מעכטיגע ליעבע, וואָס האָט זיין הארץ אין גאַנ־צען געפאַנגען, די ליעבע, וואָס האָט זיך אין זיין ריינע נשמה אזוי פעסטגעזעצט.

נאָכדעם ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל געזעהן, איז איהם די וויסענשאַפט אליין שוין מעהר ניט גענוג געווען, און עס האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, דאָס די וויסענשאַפט צוזאַמען מיט עממא'ן, וועלען פאַר איהם בילדען דעם גן־עדן אויף דער ערד, און אָהן עממא'ן וועט די גאַנצע ערד פאַר איהם זיין אַן אונפּרוכטבאַרע, א מאָגערע לאַנד, א וויסטעניס אָהן אַאַזען.

און ווייל ער האָט זיין ליעבע צו עממא'ן אלס פוסטער חלום, אלס נאַרישע אוטאָפּיע בעטראַכט, האָט ער זיך פּאַרגענומען פון איהר הויז זיך ווייט צו האַלטען, און האָט זיך פּאַרבערייטעט בים־לעכווייז אין גאַנצען זיך פון איהר הויז צוריק צו ציעהען. נאָך שווע־רע און שמערצליכע אנשטרענגונגען איז עס איהם געלונגען דריי טעג נאָכאַנאַנד עממא'ן ניט צו בעזוכען, אָבער דעם פיערטען טאָג האָט ער זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען, און די דאָזיגע דריי־טאָגיגע אָבוועזענהייט פון איהר האָט נאָר געדיענט איהם די איבערצייגונג צו געבען, דאָס אָהן עממא'ן האָט פאַר איהם זיין לע־בען קיין שום ווערטה. אום זיך פאַר די שמערצען פון דער לאַנגער אָבוועזענהייט צו בעלוינען, האָט ער צו איהר אָנגעהויבען געהן יעדען טאָג, און איהרע עלטערען האָבען איהם אימער מיט פרייד עמפּפאַנ־

געןאון האָבען זיך ווי גליקליך געפיהלט מיט זיינע אָפּטע וויזיטען. מעהר פון אַלעמען האָט דער פאָטער זיין צופריעדענהייט אַרויסגע־וויזען, אלס מאַן פון וויסענשאַפט, האָט ער באַלד דעם גרויסען ווערטה פון דעם געלעהרטען אינזשינער דערקענט.

עממאַ האָט מיט דעם יונגען אינזשינער העפליך פערקעהרט, שטענדיג אויף איין אַרט און ווייזע און ניט אַנדערש ווי נאָר העפליך.

אָבער אין דעם יונגען רינאַלדיני איז מיט יעדען טאָג די ליעבע אַלץ גרעסער אויסגעוואַקסען און האָט זיך אַזוי ווייט אויסגעברייטעט, דאָס זי האָט זיין גאַנצעס וועזען ווי אַ רייטענדער שטראָם איבערגעפלייצט און איז אין די טיעפסטע טיעפענישען פון זיין לעבען איינגעדרונגען. פאַר קיין אַנדער זאַך איז אין איהם קיין פּלאַץ ניט געוועזען. דער שטראָם איז אַלץ פולער און שטאַרקער געוואָרען און האָט געסטראַשעט מיט אַרויסטרעטען פון זיינע ברעגען...

עס האָט, ווי עס האָט געשיינט, געהאַלטען דערביי, דאָס די ליעבע וועט באַלד מוזען פון אינעווייניג אין דרויסען אַרויסטרעטען. אין דער געוועהנליכער שפּראַך רופט מען דאָס: אַ ל י ע ב ע ס־ע ר ק ל ע ר ו נ ג.

אָבער די אָפענע ערקלערונג איז פון זיין מויל קיינמאָל ניט אַרויסגעקומען. ער האָט גערעדט מיט שטענדיגע פייערדיגע בליקען, דורכדרינגענד ווי שפּאַנישע קינזשאַלען, שרעקליך ווי די בליצען, אָדער צערטליך ווי די וואַרעמקייט פון דער מאַיאָווער זון.

די דאָזיגע אַלע בליקען האָבען גאָרנישט געקענט דורכדרינגען, גאָרנישט פערברענען און גאָרנישט דערוואַרעמען. זיי האָבען אויף עממאַ׳ן קיין שום רשם געמאַכט, זיי האָבען זיך אין דער לופט אויסגעלאָשען און נאָך זיך גאָרנישט איבערגעלאָזען ווי דאָס מאָמענטלאַנגע אויפשיינען פון אַ געפאַלענעם שטערן.

אָבער פאַר די וואַכזאַמע אויגען פון עממאַ׳ס מוטער זיינען זיי ניט פערלאָרען געגאַנגען. אין דעם פערלויף פון עטליכע טעג בעאָבאַכטען, האָט זי שוין געהאַט די פולע איבערצייגונג, דאָס דער אינזשינער רינאַלדיני ליעבט איהר טאָכטער, און פונקט ווי דעם פאָטער איז דאָס איהר זעהר ליעב און בעגליקענד געוועזען. זי האָט

זיך פאר איהר טאָכטער קיין בעסערע פּארטיי גאָר ניט געקענט ווינשען.

דארום האָט זי זיך גאָר ניט געקענט ערקלערען דעם אומשטאנד, ווארום עממא האָט די טיעפע פערעהרונג פון דעם יונגען אינזשי־נער נאָך ניט בעמערקט, און נאָך קיינמאָל מיט איהר וועגען איהם ניט געשפּראָכען.

אין א געוויסען טאָג האָט זי שוין מעהר ניט געוואָלט שווייגען און אָהן אַלע הקדמות האָט זי עממא'ן געפרעגט:

— וואָס האלטסט דו פון דעם אינזשינער?

— פון דעם אינזשינער רינאַלדיני? — האָט עממא צוריק געפרעגט.

— יאָ, געוויס. אן אנדערער אינזשינער קומט דאָך צו אונז ניט.

— הם... ער שיינט מיר א בראווער מענש צו זיין... זעהר גע־לעהרט און זעהר שעהמעוודיג.

— ניין, ניט דאָס, מיין טאָכטער! איך וויל וויסען, אויב ער געפעלט דיר, אויב ער איז דיר סימפּאטיש, אויב דו געפינסט איהם פאר א שעהנעם.

— וועגען דעם האָב איך קיינמאָל ניט געטראכט, ליעבע מאַ־מאַ... איך האלט איהם פאר א שעהנעם מאן, יאָ, ער איז אנגע־נעהמער פון פיעלע אנדערע...

זי האָט דאָס אַלעם ארויסגעזאָגט מיט א גלייכגילטיגע מינע, איז דערביי גאָר ניט רויט געוואָרען, און די מוטער, וואָס האָט א גאנץ אנדערען ענטפער ערווארטעט, האָט זיך זעהר שטארק גע־קריינקט געפיהלט.

איינינגע מינוט האָט זי געשוויגען. א גרויסע ענטטוישונג האָט זי אָנגעפילט מיט פערדרוס און ביטערקייט.

— ווי גליקליך וועט די פרוי זיין, וואָס וועט רינאַלדיני'ס ווייב ווערען! — האָט די מוטער דעם היינטיגען געשפּרעך מיט א שווערען זיפץ געענדיגט.

אָבער ניט די מוטערס ווערטער און אויך ניט איהר שווערער זיפץ האָבען עממא'ס הארץ געקענט ריהרען.

זי האָט אין דעמזעלבינגען מאָמענט געפיהלט ענריקאָ'ס בריעף

אין איהר ראָזיגען נעסט, אין האָט געוואַרט אויף דער צייט, ווען זי וועט אין איהר בעט ליגען און לעזענדיג דעם בריעף, וועט זי א שטונדע לאַנג אַלע זיסקייטען פון דער ליעבע געניסען.

* * *

דער מארקיז פאַן אַקוואַפרעדדא איז געווען דער צווייטער, וואָס האָט זיך אין עממא׳ן פערליעבט.

ער איז געווען א מאַן, אויף וועלכען קיין בייזע צונג, אפילו די גיפטיגסטע צונג פון דער וועלט, האָט ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצען. ער איז ניט געווען קיין הולטאַי, קיין טרינקער, קיין קאָרטענשפּיעלער.

אָבער צו דערזעלבינער צייט האָט קיינער ניט געהאַט איבער איהם עטוואָס גוטעס צו זאָגען. ער איז געווען, ווי מיין פּראָפעסאָר פון נאַטור־געשיכטע האָט געזאָגט, ווען ער פּלעגט רעדען איבער א דימענט, דער פאַרבלאָזעסטער, דער גערוכטלאָזעסטער און געשמאַקלאָזעסטער מענש פון דער וועלט. ער איז געווען גוט, ווייל ער האָט קיינעם ניט בעגנב׳עט, קיינעם ניט ערמאָרדעט, און ווייל ער איז וואָהלטהעטיג געווען.

אָבער אין אַלגעמיין איז ער געווען א מענשליכער נול. ער האָט גע׳ירש׳ענט א גרויס פערמעגען, און דער ראָזיגער פערמעגען האָט ביי איהם ניט געוואַקסען און אויך ניט קלענער געוואָרען. ער האָט שטענדיג גוט אַכטונג געגעבען אויף זיינע גיטער, האָט געלעזען נאָר די ביכער, וועלכע זיינען געווען אין דער מאָדע, פלעגט דעם זומער פערברייננגען אין די בעדער אָדער אין די בערג, פלעגט אָפט בעזוכען די טהעאַטערס און געזעלשאַפטען. מיט איין וואָרט: ער האָט געלעבט.

פון זיינע ליעבשאַפטען אין זיין יוגענד, האָט קיינער עטוואָס ניט געוואוסט. ער איז קיינמאָל ניט געווען גאַלאַנט, אָבער אויך ניט אונהעפליך געגען דאַמען. מיט פיעלע יאָהרען צוריק האָט ער א שעהנע קאַמערפרוי צו זיך אין הויז אריינגענומען און זי איז די גאַנצע הערשערין און פערוואַלטערין מיט דער צייט געוואָרען. עס קען אויך מעגליך זיין, אַז די ראָזיגע שעהנע פרוי האָט איהם אויפגעלייזט די גרויסע פּראָבלעמע פון דער ליעבע, וועלכע עס מאַטערט

און פלאָנט טויזענדער מענער, און וועלכע עס מאַכט פול די שטראַ־
סען פון לעבען מיט פערוואונדעטע און טויטע.

קורץ, דער מארקיז פאָן אקוואפרעדרא איז — אום איהם מיט
א מאָדישען וואָרט צו בעצייכענען — געוועזען א מאַן ק אָ מ ם א י ל ל
פ אָ ה.

אלס ער האָט שוין זעקס צעהנדליג יאָהרען אויף זיינע פלייצעס
געטראָגען, האָט ער זיך נאָך גאַנץ גוט געהאַלטען. זיינע האָאר האָט
ער ניט געדאַרפט פארבען, זיינע צייהן זיינען גאַנץ און ווייס
געוועזען און זיינען ווירקליך זיינע א י י ג ע נ ע געוועזען. דאַ־
מאָלס איז איהם געקומען דער געדאַנקען, דאָס ניט האָבענדיג קיינע
פלימעניקעס, קיינע קאָזינס און אַנדערע נאָהענטע און ווייטע פער־
וואנדטע, וואָס זאָלען נאָך זיין טויט זיין נאָמען טראָגען — בלייבט
איהם נאָר איין וועג: נעהמען א ווייב, וואָס זאָל איהם א קינד גע־
בערען, און דאָס דאָזיגע קינד וועט טראָגען זיין הערב מיט דעם נאָ־
מען מארקיז פאָן אקוואפרעדרא און וועט ניט לאָזען אָבשטארבען
דעם וויכטיגען און הויך־קלינגענדען נאָמען.

ער איז געוועזען אלט, אָבער געזונד און פריש, און ווען ער וועט
זיך אויסוועהלען אַן אָרעמע, אָדער ווייניג בעמיטעלטע כלה, קען ער
אויף דעם וואָגשאָל פון הייראטהען אוועקלייגען זיינע מיליאָנען, אום
אויסצוגלייכען דאָס געוויכט פון דער כלה׳ס יוגענד און שעהנהייט.

און זיין אויג איז געפאַלען אויף דער יונגער עממא און ער האָט
זיך אין איהר פערליעבט. איך זאָג: פ ע ר ל י ע ב ט, ווייל דעם
דאָזיגען וואָרט האָט ער שטענדיג אליין בענוצט אין זיינע זעלבסט־
געשפרעכען ביינאכט, ווען ער פלעגט אין דער שטילקייט און איינ־
זאמקייט די קאָרעקטורען פון זיין טעגליכען לעבען קאָרעגירען, ווען
ער פלעגט אנאַליזירען זיין געפיהל צו די יונגע עממא.

פריהער האָט ער וועגען הייראטהען קיינמאָל ניט געדאַכט,
ער האָט קיינמאָל אויף יונגע מיידלאך ניט געאַכטעט, און עממא
איז געוועזען די ערשטע, אויף וועלכער ער האָט זיינע אויגען מיט
עהרליכע אבזיכטען געריכטעט, כאָטש אין זיינע יאָהרען זיינען די
דאָזיגע אבזיכטען אביסעל חוצפה׳דיג געוועזען.

די דאָזיגע אויגען זיינען שטענדיג מיט גרויסע גאָלדענע ברי־
לען בעדעקט געוועזען און דורך די גלעזער האָבען געבליצט בליקען

פון פערשיערענער נאטור: אמאָל צערטליכע, באלד ליידענשאַפט־ליכע און אָפטמאָל תאוה׳דיגע.

ענטוועדער די גרויסע גאָלדענע ברילען, אָדער דער קאָפּ מיט די ווייסע האָאָר, האָבען דערצו בייגעטראָגען, דאָס די בליקען פון דעם מארקיז האָבען ניט געהאט די קראַפט צו פערוואונדען, ניט צו צינדען, אפילו עממאַ׳ס הויט צו קנייפּען.

מיט די בליקען אליין האָט זיך דער מארקיז ניט בענוגענט, ער האָט זיי צו עממאַ׳ן געשיקט צוזאמען מיט בלומענבוקעטען, מיט באָנבאָנס, מיט ביכער און מיט אַלע אנדערע ממשות׳דיגע זאכען, מיט וועלכע דער פערליעבטער זוכט דאָס הארץ פון דער געליעב־טער צו געווינען. עממא פלעגט די דאָזיגע אַלע העפליכקייטען און גאַלאַנטערייען אָננעהמען ווי פון א פּ אָ ט ע ר און פלעגט אָפט זאָגען:

— וואָס פאר א גוטער מענש דער מארקיז פאָן אקוואפערדא איז!

ביידע ליעבעס, פון דעם אַלטען מארקיז און פון דעם יונגען אינזשינער זיינען מיט א פערשיערענער געשווינדיגקייט צו עממאַ׳ן געלאָפען, אָבער ווייט אָבגעטהיילט איינע פון די אנדערע.

די ליעבע פון דעם אַלטען מארקיז איז האסטיגער געלאָפען, ווייל די אַלטע ליעבהאָבער זיינען שטענדיג אונגעדולדיגער, ווייל עס בלייבט זיי ווייניג צייט די געשמאַקע פרוכט פון לעבענס־בוים צו געניסען, און ווייל די ליעבע פון דעם יונגען אינזשינער איז דורך זיין שעהמעוודיגקייט פערלאַנגזאַמט געוועזען.

די יונגע ליעבהאָבער, אויך די שעהמעוודיגע, קענען שפּרינגען, דאָס, וואָס די אַלטע קענען ניט, און דערפאַר קענען די יונגע אין איין טאָג דערגרייכען דעם שטיק וועג, וועלכען זיי האָבען אין א מאָנאַט צייט פערלאָרען.

איך וויים ניט, אויב דער יונגער רינאַלדיני האָט דעם שפּרונג געמאכט, אָדער אויב עס האָט עפּעס וואָס אנדערש, עפּעס א נייעס פּאַסירט.

איך וויים אָבער, אז ביידע האָבען זיך נאָך אַלץ אויף דעמ־זעלביגען פּונקט געהאַלטען.

דער מארקיז פאָן אקוואפערדא האָט זיך מיט א בעשיידענעם

בריעף צו עממאַ׳ס פּאַטער געווענדעט, און האָט ביי איהם עממאַ׳ס האַנד געבעטען.

און גראָדע אין דעמזעלבינגען טאָג, האָט דער אינזשינער רי־נאַלדיני, אַלס ער איז אין אָבענד מיט עממאַ׳ן ביים פענסטער אין סאַלאָן געזעסען, איהר געפרעגט מיט אַ ציטערדיגע שטימע, אויב זי איז געניינגט איהר לעבען מיט זיינעם צו פערבינדען.

און עממאַ האָט איהם מיט גרויס רוה געענטפערט:

— פאַרלויפיג וויל איך ניט הייראַטהען.

וואָס עס איז שייך צו דעם בריעף פון דעם אַלטען מאַרקיז, מוז איך אייך זאָגען, דאָס דער פּאַטער האָט איהם מיט ערשטוינונג געלעזען און האָט איהם באַלד זיין פרוי איבערגעגעבען.

איך ווייס ניט, וואָס דער פּאַטער האָט מיט דער מוטער וועגען דעם גערעדט. איך ווייס אָבער, אַז באַלד נאָך דעם האָט אַ טראַגישע פּאַסירונג איבער די פרעהליכע און גליקליכע הויז איינ־געבראָכען.

דער דאָקטאָר, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען פון פלאָרענץ נאָך מאָדענאַ צו אַ קראַנקען, איז אין וואַגאָן געשטאָרבען פון אַ שווערע אַפּאָפּלעקסיע.

איך וויל אייך ניט שילדערען דעם גרויסען שמערץ פון דער פאַמיליע.

ביידע ליעבהאָבער, וואָס האָבען אויף אַ פערשיעדענעם אופן אום עממאַ׳ס האַנד זיך בעוואָרבען, האָבען זיך גאָר ניט געוואונ־דערט איבער דעם אומשטאַנד, וואָס זיי האָבען קיין ענטפער ניט בעקומען, האָבען אַ גרויסען טהייל אין דער שמערץ פון דער פאַ־מיליע גענומען.

אויך ענריקאָ האָט, אַלס דריטער, גענומען אַ גרויסען אַנטהייל אין דעם שמערץ פון דער פאַמיליע, וועלכע ער האָט שוין אַלס זיין פאַמיליע בעטראַכט, און האָט דערביי ניט אויפגעהערט זיינע בריעף אין עממאַ׳ס פענסטער צו שיקען.

---

פינפטעס קאפיטעל.

## עממאַ פרעגט עצות ביי אַ פריינדין און ביי איהר מוטער.



אָך עממאַ'ס פאָטערס טויט זיינען דריי מאָנאַט פערגאַנגען און דער טרויער אין דער פאַמיליע האָט זיך נאָך אויף אַ האָר ניט פערמינדערט. אָבער אויף קיינעם פון דער פאַמיליע האָט דער שמערץ זיין שוואַרצען שטעמפּעל ניט אַזוי שטאַרק אַרויפגעדריקט ווי אויף עממאַ'ן. אום איהר פון דעם גרויסען שמערץ אָבצוציעהען, האָט איהר מוטער אין אַ געוויסען טאָג צו איהר פּלוצלונג געזאָגט:

— הער, מיין אוצר, איך וויל דיך צום לאַכען בריינגען...

— דאָס וועט דיר שווער זיין, מאַמאַ! — האָט עממאַ געענטפערט.

— דער מאַרקיז וויל דיך הייראַטהען, מיין טאָכטער...

— אונמעגליך, מאַמאַ! און דאָס אין אַזאַ צייט? ווי קען ער דאָס אונזער שמערץ און אונזער טרויער ניט אַכטען? פערשטעהט ער דען ניט, אַז דער טרויער־יאָהר וועט ביי מיר געדויערען מיין גאַנצעס לעבען?

— ניין, מיין קינד, ניט איצט איז דער מאַרקיז מיט זיין פאָרשלאַג געקומען; אַ קורצע צייט פאַר דעם פאָטער'ס טויט האָט ער וועגען דעם דעם פאָטער געשריעבען.

— אה, מאַמאַ, דאָס איז גוט! ווען איך וואָלט דאַמאָלס דערפון געוואוסט, וואָלט איך דאַמאָלס מיין אַכטונג צו איהם פערלאָרען... און ווייסט דו, מאַמאַ, אַז ער איז מינדסטענס זיעבציג יאָהר אַלט?

— ניין, נאָר זעכציג! און דעם אמת מוז מען זאָגען, אַז ער זעהט גאָר ניט אויס ווי אַ זעכציגער.

— אָבער אַ זעכציגער, מאַמאַ, איז דאָך שוין אויך אַן אַלטער

מאַן! און ווייל דו האָסט מיר מודה געווען, דאָס דער מארקיז איז א זעכציגער, וויל איך דיר אויך עפּעס וואָס מודה זיין... עטליכע טעג פאר פּאַפּאַ'ס טויט, האָט מיר דער יונגער אינזשינער רינאַל־דיני זיין ליעבע ערקלערט און דעם פאָרשלאַג געמאַכט מיט איהם צו הייראַטהען.

— ווירקליך? און וואָס האָסט דו איהם געענטפערט?

— דאָס איך וויל נאָך פארלויפיג ניט הייראַטהען.

— ער געפעלט דיר ניט?

— ער איז מיר קיינמאָל אין די געדאַנקען ניט געלעגען.

— עממא, זיי אויפריכטיג צו מיר. שטענדיג האָסט דו מיר דיינע פערבאָרגענסטע געדאַנקען און געפיהלען פון דיין הארץ פער־טרויט. פערטרוי מיר אויך, וואָס עס געהט יעצט אין דיר פאָר: איך קען גאָר ניט גלויבען, אז דו טראָגסט אין דיין הארצען א נייגונג צום יונגען ענריקאָ, וואָס וואוינט אויף דער אַנדערער זייט גאַס.

עממא איז רויט געוואָרען ביז די וואָרצלען פון איהר האָאָר.

— דו ליעבסט איהם! — האָט די מוטער מיט אויפרעגונג פאָרטגעזעצט — איך האָב איהם זעהר אָפט געזעהן שטעהענדיג ביי דיין פענסטער, און יעדעס מאָל איז ער אַנטלאָפען, ווען ער האָט בעמערקט דאָס איך זעה איהם. איך וויל האָפען, אז דו האָסט איהם צו זיין ליעבע ניט ערמוטהיגט. ער מעג זיך א גאַנץ בראַווער יונגערמאַן זיין, דאָס איז ביי מיר קיין צווייפעל, אָבער ער איז דאָך נאָך נישט מעהר ווי א סטודענט פון דער אוניווערזיטעט...

— מאַמאַ, ליעבע מאַמאַ! — האָט עממא געענטפערט, — איך בין נאָך צו־טרויעריג, אום וועגען הייראַטהען צו דענקען. לאָמיר איצט וועגען דעם ניט ריידען. אין עטליכע מאָנאַט ארום וועלען מיר די דאָזיגע טהעמא ווידער אויפנעהמען.

עממא האָט די דאָזיגע ווערטער מיט אזא טיעפען זעעלענ־שמערץ און צוגלייך מיט אזא ענטשלאָסענער ענערגיע ארויסגע־רעדט, דאָס די מוטער, וועלכע איז געווען א שוואכער כאראַקטער און נאָך מעהר שוואך אין בעצוג צו איהר טאָכטער, האָט די טהעמא אויפגעגעבען און האָט זיך געווענדעט צו אַן אַנדער טהעמא.

אָבער אַלס עממא האָט זיך צוריקגעצויגען אין איהר אייגע־נעם צימער, האָט זי זיך געפיהלט ווי פין א שרעקליכען שווינדעל

בעפאלען, ווי ארייגגעכאפט אין א העלישען קארעהאד, אין וועל־
כען אלעס דרעהט זיך ארום זיך זעלבסט, און עס איז איהר פאר־
געקומען, אזוי ווי זי איז געצוואונגען זיך מיטצודרעהען. אין דעם
דאזיגען קרייזטאנץ האט זי באלד געזעהן דעם סטודענט ענריקא,
באלד דעם אלטען מארקיז און ווידער באלד דעם אינזשינער רי־
נאלדיני זיך אומדרעהען און צו איהר זייערע הענד אויסשטרעקען,
אזוי ווי מיט דער אבזיכט זי צו ערגרייפען און אוועקצופיהרען...
צוויי מענער האבען זי צו גלייכער צייט פאר זייער ווייב געוואלט
מאכען, און דער דריטער, וואס האט די זעלביגע אבזיכט ניט ער־
קלערט, ליעבט זי, פערגעטערט זי און זי ליעבט איהם...

אין דער דאזיגער נאכט האט עממא גאר ווייניג שטונדען גע־
שלאפען און איהר שלאף איז געווען אויפגערעגטער און שטורמדי־
גער אלס אין איהר וואכעדיגען צושטאנד. זי האט געפיהלט, אז
מארגען אין דער פריה מוז זי לויפען צו איהר מוטער און איהר
מודה זיין איהר ליעבע צו דעם סטודענט ענריקא, און איהר דערביי
בעטען, זי זאל דעם מארקיז און דעם אינזשינער אן אבשלאגענדע
אנטווארט געבען.

אבער דער מוטה האט איהר דערצו געפעהלט. זי וואלט דאך
דערביי דער מוטער געמוזט ווייזען די גאנצע פערבארגענע קארעס־
פאנדענץ מיט דעם סטודענט, און מודה זיין איהרע „צוויי זינד",
וועלכע זי האט זיך זעלבסט נאך ניט געקענט פערצייהען, און וועל־
כע עס האבען טאג און נאכט אויף איהר געוויסען ווי צוויי ניפ־
טיגע פיילען געלאסטעט!

ניין, ניין, דאס קען זי ניט טהאן! מיט איינמאל פערליערען
די אכטונג פון דער מוטער, וועלכע זי האט פערגעטערט, וועלכע
האט אין איהר ריינהייט און אין איהר אונשולד געגלויבט, וועלכע
האט איהר געהאלטען פאר אונפעהיג וועלכע ניט איז זינד צו בע־
געהן... ניין, ניין! זי וועט נאך שווייגען, אייביג, אייביג
שווייגען!

אבער איהר יונגע הארץ איז איהר איבערגעלאפען. די געהיימ־
ניסע, וועלכע זי האלט אין איהר הארץ פערשלאסען צו דערשטיקען,
זייי טויטען, שרעקליך! ווען זאל זי די געהיימניסע אנגעטרויען?
זי האט נאר א י י ן פריינדין געהאט, מאריע, מיט וועלכע

זי האָט צוזאַמען געשטודירט און וועלכע זי וואָלט שוין אַלעס פערטרויט, כאָטש יענע איז מיט עטליכע יאָהר עלטער פון איהר געוועזען. יענע מאַריע האָט מיט צוויי יאָהר צוריק געהייראטה און האָט זיך בעזעצט אין דער שטאָדט פּערודזשיא.

די ערשטע צייט האָט איהר מאַריע צוויי אָדער דריי מאָל וועכענטליך געשריעבען. אין יעדען בריעף האָט איהר מאַריע איהר גליק אין די ליכטיגסטע פּאַרבען געשילדערט. דאַן זיינען איהרע בריעף זעלטענער געקומען און זיינען קעלטער געוועזען און גאָר אין דער לעצטער צייט האָט זי פון איהר מעהר קיינע בריעף ערהאַלטען.

ווי קען זי מאַריע'ן זעהן? ווי קען זי איהר הארץ פאַר איהר אויסגיסען? דאָס, וואָס זי האָט איהר צו זאָגען, קען מען דעם פּאַפּיער ניט אָנגעטרויען, דאָס מוז נאָר מיט לעבעדיגע ווערטער געזאָגט ווערען פון ליפּען צו ליפּען,ביידע אָטהעמס מוזען זיך דערביי אין איינס פערשמעלצען, ביידערנס הענד מוזען זיך צוזאַמענפלעכטען אין איין קערפּער און די ווערטער מוזען בעגלייטעט ווערן פון אָפטע טרעהרען און פון הייסע קוסען.

אין אַ געוויסען טאָג האָט זי גאַנץ אונערוואַרטעט פון מאַריע'ן דורך דער פּאָסט ערהאַלטען אַ בילעעט מיט פאָלגענדען אינהאַלט:

„הערצענסגעליעבטע פריינדין!

מאַרגען פערלאָז איך אויף אייניגע טעג פּערודזשיא און וועל געגנען אָבענד ביי דיר זיין. בריים אויס וויים דיינע אָרעמעס, אום מיך צו דיין הארץ צו דריקען; איך דאַרף האָבען דעם טרויסט און די מיטלייד פון אַ וואַהרע פריינדין. דיין מאַריע."

און דעם אַנדערען טאָג איז מאַריע אין עממאַ'ס אַרעמס געלעגען און אַ לאַנגע צייט האָבען ביידע קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען, אַזוי צאַהלרייך זיינען געוועזען די קוסען און די טרעהרען, וועלכע ביידע האָבען זיך איינע די אַנדערע געטראַקטירט.

עממאַ, וואָס האָט זיך אַזוי גליקליך געפיהלט מיט דעם, וואָס זי האָט אַ פריינדין, וועלכע זי קען איהר גרויסען געהיימנים אַנפּערטרויען, האָט באַלד אויסגעפונען, דאָס יענע איז צו איהר געקומען, אום איהר אַן אַנדער געהיימניס, און אַ פיעל טרויעריגעס, מיטצוטהיילען.

מאַריע איז אונגליקליך געוועזען, העכסט אונגליקליך. זי האָט

געגען דעם ראטה און געגען דעם ווילען פון איהר פאמיליע א
יונגען סטודענט געהייראטהעט (פונקט אזא סטודענט ווי ענריקא),
א סטודענט, וואס האט ניט שטודירט און איז געווען א קינד פון
אן ארעמע און דערצו נאך פון אן אונעהרענהאפטע פאמיליע. ער
איז געווען א שעהנער, זעהר א שעהנער. און מאריע האט איהם
געהייראטהעט אין דעם גלויבען, דאס שעהנהייט און די ליעבע,
וועלכע זיי פיהלען איינער צום אנדערען, איז פאר זיי גענוג, אום
זיי גליקליך צו מאכען.

אום די איינוויליגונג צו דער דאזיגער הייראטה פון איהרע
עלטערען צו ערצווינגען, איז מאריע בעגאנגען א מאראלישען פער־
ברעכען, וואס האט איהרע עלטערען געצוואונגען זייער צושטימונג
צו דער פערבינדונג צו געבען, ווי אויך דעם נדן, וועלכער איז פאר
איהר בעשטימט געוועזען, אלס צוגאב.

מאריע'ס מאן איז געווען פון פערודזשיא און דארט האבען
זיי זיך נאך דער האכצייט בעזעצט. זייער פלאן איז געווען, דאס
דער סטודענט זאל אין דער דארטיגער אוניווערזיטעט ווייטער אנ־
פאנגען זיינע שטודיען, וועלכע ער האט איבער געלד־מאנגעל אונ־
טערגעבראכען, ביז ער וועט ענדיגען און וועט דעם דאקטאר־דיפ־
לאם בעקומען; אבער וויל זיי זיינען געווען איבערגעלאזען מיט
זייער ליעבע פאר זיך אליין, איז אין א יאהר צייט פון זייער קאפי־
טאל גאר נישט געווארען, זיי זיינען געבליבען אהן געלד, און וואס
נאך ערגער איז, אויך אהן ליעבע.

די פינאנציעלע שוועריגקייטען און זארגען האבען דעם שלעכ־
טען און טרוסליוזען כאראקטער פון דעם מאן נאך מעהר פערשלי־
מערט און יעדען טאג האט ער געפונען אן אויסרייד, אום זיין פרוי
א גראבע סצענע צו מאכען. ער האט זי בעשולדיגט, דאס זי ליעבט
דעם לוקסוס און פערשטעהט ניט ווי א הויז און א הוצאה דארף
געפיהרט ווערען, און זי איז דאס די, וואס האט דאס אונגליק אויף
זיי ביידען געבראכט... די פיזישע ליעבע, די גראבע ליידענשאפ־
טען פון קערפער האבען אפטמאל דעם פריעדען צווישען זיי צוריק
געבראכט, אבער די גרויזאמע קוואלען און פיין פון דעם עלענד
האבען דעם הימעל אין זייער הויז נאר א קורצע צייט געקענט ריין
האלטען.

דאָס לעבען, וועלכען מאריע האָט אין פּערודזשיא געפיהרט, איז געווען אַ לעבען אין גיהנום, און דארום איז זי נאָך פלאָרענץ געקומען, אום ביי איהר פריינדין עממאַ טרויסט צו זוכען און פון איהרע עלטערען אַ ראטה צו פערלאַנגען.

* * *

אלס מאריע האָט געענדיגט די שילדערונג פון איהר מארטי־ריאום, האָט עממאַ פאר מאריען איהר גאַנצע הארץ אויפגעעפענט און האָט איהר אין קורצען דערצעהלט די פערצווייפעלטע לאַגע, אין וועלכע זי געפינט זיך.

אָבער מאריע האָט איהר נאָר ניט געלאָזט ענדיגען איהר שיל־דערונג, האָט איהר העפטיג אונטערבראָכען און האָט צו איהר גע־זאָגט:

— עממאַ, טראַכט נישט פיעל און געה באַלד און הייראַטה דעם מארקיז פאָן אַקוואַפרעדדאַ!

— אָבער איך ליעב איהם ניט, אָבער ער איז זעכציג יאָהר אַלט! — האָט עממאַ פערדראָסען אויסגערופען.

— נו איז וואָס? — האָט מאריע אין אַ טאָן פון אייזערנער שטאַנדהאַפטיגקייט געענטפערט — ער האָט מיליאָנען און איז אין שטאַנד דיך גליקליך צו מאַכען. דו וועסט האָבען אייגענע עקי־פּאַזשען און אייגענע זומער־הייזער... דו וועסט מיט איהם אין דער וועלט ארומרייזען, אין די מאָדערנע בעדער וועסט דו גאַנצע מאָ־נאַטען פערברייגגען. ער וועט פאר דיר זיין דער העפליכסטער קאוואַליער פון דער וועלט, און ער וועט אימער טהאָן וואָס דו ווילסט... אום גאָטעס ווילען, פאָלג מיין ראטה, עממאַ, און היי־ראַטה דעם מארקיז... און דאַן, ווארום בעדענקסט דו ניט, אַז דו וועסט אַ מארקיזין ווערען, דו וועסט אויף דיינע עקיפּאַזשען און אויף דיינע טאַשענטיכער דעם הערב פון „מארקיז" האָבען, אַ קרוין מיט עטליכע שפּיצען. איז דאָס ניט שעהן?

— מאריע, דו טרייבסט שפּאַס, דו לאַכסט מיך אויס. וואָלסט דו דעם אַלטען מארקיז געהייראַטהעט, ווען דו וואָלסט נאָך אַ מיי־דעל געווען?

— נעווים, און שנעל ווי מעגליך, ווען ער וואלט זאגאר זיעבע־ציג יאהר אלט געוועזען!

— מאריע, דו ביזט שרעקליך! אזוי האסט דו ניט גערדאכט פריהער, ווען מיר האבען געלערנט אין אינסטיטוט און האבען וועגען אונזערער צוקונפט גערעדט.

— יא, מיין ליעבע עממא, דאמאלס איז נאך מיין הארץ מיט פאעזיע פול געפאקט געוועזען, דאמאלס האב איך געגלויבט, דאס מען דארף און מען קען נאר מיט יענעם מאן הייראטהען, וועלכען מען ליעבט. דאמאלס האב איך געגלויבט, אז א הייראטה אהן ליעבע איז פראסטיטוציאן, דאס די ליעבע איז גענוג, אום גליקליך צו מאכען. אבער יעצט, יעצט נאך צוויי יאהר פון די טרויעריג־סטע ערפאהרונגען, וועלכע איך האב געמאכט, דיינק איך גראדע דעם געגענטהייל. איך האב א שעהנעם יונגען מאן געהייראטה, וועלכער האט מיר געזאגט, דאס ער פערגעטערט מיך און האט מיך מיט אזוי פיעל צערטליכקייט בעהאנדעלט. איך האב געהאט דעם געפיהל, אזוי ווי איך לעב אין א ערדישען גן־עדן. אומזיסט האבען מיר מיינע עלטערען און אלע מיינע פערוואנדטע געזוכט פון יענעם הייסגעליעבטען מאן אוועקצורייסען; אומזיסט האבען זיי מיר מיט די שווארצעסטע פארבען געמאהלט די שרעקליכע גע־פאהר פון אזא פערבינדונג. איך האב קיין שכל ניט געוואלט אננעהמען, ווייל איך האב געפיהלט, דאס אהן מיין אנטאניען, מוז איך שטארבען. איך האב מיינע עלטערען געסטראשעט, דאס איך וועל מיט איהם אנטלויפען, אבער זיי האבען מיינע סטראשונ־קעס ניט געגלויבט. נון, בין איך מיט איהם אנטלאפען, און זיי האבען צו אונזער פערבינדונג געמוזט צושטימען.

מאריע האט איהר אטעם אבגעצויגען און האט ווייטער גע־רעדט:

— דער פאראדיעז, וועלכען איך האב מיר געשאפען, האט נאר צוויי מאנאט געדויערט, און דער גיהנום — א גאנצער יאהר, און נאך בין איך אין א גיהנום, וואס מאכט מיך פאר די אונגליקליכסטע פרוי פון דער וועלט. גלויב מיר, מיין ליעבע עממא, ווען די מענער הייראטען אונז ניט צוליעב אונזער געלד, הייראטען זיי אונז צוליעב זייער אייגענעם פערגעניגען, און ווען זיי ווערען זאט מיט דעם

פערגעניגען, לאנגווייליגען זיי זיך. „יעדען טאג א געבראטענע קוראפאטקע! אימער די זעלבע געבראטענע קוראפאטקע! זאגען זיי מיט זייער גראבען ציניזמוס און ווענדען זיך אב פון דער פרוי, וואס האט זיי איבער־זאט געמאכט מיט פערגעניגען. אין בעסטען פאל, דאס הייסט, ווען דו וועסט מיט אן עהרענמאן הייראטען, וועט זיין פערעהרונג זיך אומוואנדלען אין ליעבע, דאן וועט זיך די ליעבע אומוואנדלען אין פריינדשאפט און נאך שפעטער וועט זיך די פריינדשאפט אומוואנדלען אין א מאנאטאנע און קאלטע גע־וואוינהייט, וועלכע פוצט זיך אויס אין אן אלטעגליכע העפליכקייט, אום ניט — —

זי האט ניט געענדיגט דעם זאץ, וועלכען זי האט אין די גע־דאנקען געהאט און האט אנדערס אנגעהויבען:

—און דאן, הער מיך צו, עממא: ווען דו וועסט הייראטען מיט דיין ענריקא, וועסט דו זיין ארעם, און די ארעמקייט איז דער גיהנום פאר מאן און ווייב, וואס פערבינדען זיך אין הייראט. עס איז גאר ניטא אזא ליעבע, וואס זאל קענען אויסהאלטען דעם שווע־רען טעגליכען קאמפף מיט די בעדירפניסע פון אונזער לעבען. איך האב שוין צוויי קינדער, און ווען איך בעטראכט די צוויי אונשול־דיגע וועזען, פיהל איך דאס גרויסע עלענד, אין וועלכען איך האב זיי מיט מיין הייראטען געבראכט, א פערברעכען, ביי וועלכען איך אליין בין די שולדיגע. דו קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען וויפיעל גיפט עס ליעגט אין דער ארימקייט, ווען מען מוז דריי אדער פיער נפשות אונטער דעם דאך פון אן ארעמע הויז לעבען און ליי־דען, דו קענסט גאר ניט בעגרייפען, וואס פאר א גיהנום עס ליעגט איינגעשלאסען אין דער רעכענונג פון דער שניידערין, וועלכע מען קען ניט בעצאהלען, און ווידער א גיהנום אין דעם ביטערען בעוואוסטזיין, דאס אין איניגע טעג שפעטער דארף מען בעצאהלען פאר א האלב יאהר רענט פאר דער וואוינונג און עס איז ניטא פון וואנען דעם רענט צו נעהמען. און ווען דו האסט א מאן, וואס האט ניט די ענערגיע פון ווילען און די אלמאכט פון זשעניאליטעט צו קעמפפען, צו זיעגען, אום די פרוי און די קינדער פון דעם זומפף צו רעטען, הויבסט דו אן איהם צו פעראכטען און צו האסען. און דו, אונגליקליכע, פיהלסט דאן די גאנצע אהנמאכט פון דער

פרוי, וואָס האָט ניט די מעגליכקייט דורך אייגענע ארבייט איהר אייגענע פאמיליע צו ערנעהרען. איך בין, ווי דו זעהסט, שלעכט געוואָרען. ווען איך פיהר שפאציערען מיינע אָרעם־געקליידעטע קינדער, און איך זעה די רייכגעקליידעטע קינדער פון מיינע שכנים ווי זיי ווערען געפיהרט פון א רייך־געקליידעטע אם אין אַ פּרעכ־טיגען קינדער־וואָגען, לייד איך פורכטבארע פּיין און שמערצען און שילט אינערליך זיך זעלבסט און די גאַנצע וועלט.

א ווײלע האָט מאריע פאר זיך אין דער שטיל געוויינט, דאַן האָט זי ווידער אָנגעהויבען:

— קיין זאך אין דער וועלט איז מיט אזוי פיעל הללויה־ליעדער און מיט אזוי פיעל לויבגעזאנגען ניט בעזונגען געוואָרען ווי די ל י ע ב ע. די פּאָעטען און די ראָמאנען־דיכטער האָבען די ליעבע מיט א גלאָריענשיין, מיט א הייליגען הימלישען גלאַנץ אויסגע־פּוצט. זיך אויפהויבענדיג אויף די פליעגלען פון זייער פאנטאזיע פון דער ערד מיט איהר פּראָזאאישען לעבען צום פּאָעטישען הימעל, זעהען זיי אין דער ליעבע די העכסטע מדרגה פון מענשליכעם גליק. מעהר ווי א העלפט פון דער וועלט־ליטעראטור איז געווידמעט דער ליעבע. זי איז פול אין אלע גרויסע און קליינע ביבליאָטהעקען, מיט איהר בעשעפטיגט מען זיך אין די גאָלדענע פאלאצען פון גע־קרוינטע הערשער און אין די האלב־איינגעפאלענע, האלב־פער־פוילטע הייזלאך, וואו די האלב־פערהונגערטע קרעאטורען האָבען ניט מיט וואָס זייערע אויסגעדארטע מאָגענס אָנצופילען. די ליעבע איז היינט געוואָרען א קולט, א מין גאָטעס־דיענסט, וועלכע האָט אלע רעליגיאָנען און קולטורען כמעט אָבגעשאפט. זי איז היינט די איינציגע מענשליכע קולטור, און צו איהר בויט מען מזבחות, צו איהר רויכט מען ווייהרויך און צו איהר איז מען מקריב די טהייערסטע און בלוטיגסטע קרבנות. איינער פון אונזערע גרויסע דיכטער פערשטייגט זיך צו דער גרויסער דומהייט און זאָגט: „פאר א גליקליך ליעבענדע פאָר־פאָלק איז א קליין אָרעם ביידעל גענוג גערוימיג צום לעבען“, און איך זאָג דיר, ליעבע עממא, אז א פּאַ־לאַץ מיט הונדערט צימערען איז׳צו איינג פאר א ליעבענדע פּאָר, וואָס האָט ניט די מיטלען מיט וועלכע מען דארף דעם מאָגען שפּיי־זען און דעם נאַקעטען לייב פון היטץ און קעלט צו פערדעקען. אויך

אין דעם גערוימיגען סאַלאָן קען די ליעבע זעהר לייכט דערשטיקט ווערען, ווי פון א גאַלאָפּירענדע שווינדזוכט שטאַרבט זי אָב ביי דער אָרעמער מוטער נאָך דער געבורט פון איהר ערשטע קינד, ווען די אונגליקליכע יונגע מוטער קומט צו דעם טויטליכען בע־וואוסטזיין, דאָס איהר ליעבע צו דעם מאַן, וועלכען זי האָט גע־הייראַט, איז געווען א פערברעכען צו דעם קינפטיגען קינד, דאָס איהר מוטערשאַפט איז אַן אייביגע טראַגעדיע פאַר דער פרוכט פון דער דאָזיגער ליעבע, און אַז די דאָזיגע ליעבע איז נאָר א צאַרטע גרעזעלע, וואָס שטאַרבט אָב ווען דער פראָסטיגער אָטהעם פון דעם דלות בעריהרט זי... ניין, ניין, עממא, טראַכט נישט פיעל, נעה און הייראַט דעם מאַרקיז פאָן אַקוואַפרעדדאַ!...

עממאַ האָט געשוויגען און האָט זיך די טרערען פון די אויגען געווישט. דער שמערץ פון איהר פריינדין איז געווען צו גרויזאַם, צו־פערצווייפעלט, אום ניט אויך איהר האַרץ מיט טרויער און ביטערנים אָנצופּילען.

ענדליך האָט זי שוין געהאַט די פעהיגקייט חאָטש אונטערברע־כען פון א חליפעריי, צו ריידען.

— מאַריאַ, — האָט זי צו איהר פריינדין געזאָגט, — פון דיין האַרץ רעדט דער צאָרן, און דער צאָרן איז א קינד פון דיינע שמערצען. דיינע ווערטער זיינען צו־ציניש, ווייל דו ביזט פער־צווייפעלט, אָבער איך קען ניט גלויבען, דאָס דו ביזט שלעכט געוואָרען, ווייל דו ביזט אונגליקליך. וואָס עס איז שייך צו מיר, וועל איך, ווען די מאַמאַ וועט מיר ניט לאָזען הייראַטען מיט ענ־ריקאָ, מיין האַנד דעם אינזשיניר רינאַלדיני אַוועקגעבען, אָבער קיינמאָל ניט דעם אַלטען מאַרקיז, ווען ער זאָל אפילו אויף מיר רע־גענען מיט אַלע זיינע מיליאָנען און ערבען. אויב אָרעמקייט און עלענד קענען די ליעבע טויטען, דאַן קען רייכטהום די ליעבע ניט בעשאַפען, ווייל אין דעם פאַל איז די ליעבע גאָר ניטאָ, אָבער עס קען אונז נאָר אַן אונערטרעגליכעס לעבען געבען. דו האָסט וויינינגסטענס צוויי מאָנאַט געליעבט און צוויי מאָנאַט אין פּאַראַ־דיעז געלעבט ; ווען איך זאָל דעם אַלטען מאַרקיז פאָן אַקוואַפרעדדאַ הייראַטען, וועל איך אפילו קיין איינציגע שטונדע פון דעם ערדישען פּאַראַדיעז געניסען...

ביידע פריינדינען האָבען נאָך א לאַנגע צייט די דאָזיגע טהע־
מא בעשפּראָכען, אָבער זיי האָבען זיך געשיידט מיט די זעלביגע
ווערטער, מיט וועלכע זיי האָבען זי אָנגעפאַנגען.

— הייראַט מיט דעם אַלטען מאַרקיז! — האָט מאַריא צום
לעצטען מאָל געזאָגט.

— קיינמאָל ניט! — האָט עממא ענערגיש געענטפערט.

* * *

אין דעם פערלויף פון עטליכע טעג, האָבען די מוטער און
טאָכטער ניט פון די צוויי נייע בעווערבער און אויך ניט פון ענ־
ריקאָ'ן גערעדט, אָבער אין א געוויסען פריה־מאָרגען, אַלס עממא
איז נאָך אין איהר בעט געלעגען, איז די מוטער אין איהר צימער
אריינגעקומען, אום איהר „גוט־מאָרגען" צו זאָגען, און אַלס זי
האָט עממא'ן געקוסט, האָט עממא אויף איהר מוטער'ס געזיכט בע־
מערקט אַן אויסדרוק, וועלכען זי האָט אויף איהר מוטער'ס פּנים
געזעהען. דאָס איז געוועזען א מיענע, אין וועלכע עס איז געלעגען
א געוויסע פייערליכקייט צוזאַמען מיט טרויער.

— מאַמאַ, וואָס איז מיט דיר היינט? פיהלסטו דו דיך ניט
גוט? — האָט עממא געפרעגט.

— ניין, מיין טאָכטער! — האָט די מוטער מיט א ציטער־
דיגען קול געענטפערט — איך האָב דיר נאָר אָבצוגעבען א פער־
זיעגעלטען פּאַקעט, וועלכען איך האָב געפונען אין דיין פאָטער'ס
שרייב־טיש, גלייך נאָך זיין טויט. איך האָב דיר פריהער דעם
פּאַקעט ניט געקענט איבערגעבען, ווייל איך האָב מורא געהאַט
עס זאָל דיך ניט צו־שטאַרק אָנגרייפען און ערשיטערען.

און נאָכדעם ווי זי האָט דעם בריעף־פּאַקעט אויף עממא'ס
נאַכט־טישעל אַוועקגעלייגט, איז זי פון צימער ארויסגעגאַנגען, אום
צו פערבאָרגען די אויפרעגונג, וועלכע האָבען איהר די טרעהרען
אין די אויגען געטריבען.

עממא איז ניט מינדער ערשיטערט געוואָרען. מיט ציטערדיגע
הענד האָט זי דעם פּאַקעט גענומען און האָט איבערגעלעזען פאָל־
גענדע אויפשריפט:

„מיין טאָכטער עממא
נאָך מיין טויט איבערצוגעבען“.

עממא האָט דעם זיעגעל אויפגעבראָכען און האָט געפונען, אַז אין דעם קאָנווערט ליעגט אַ צווייטער קאָנווערט, אויף וועלכען עס שטעהט מיט איהר פאָטער'ס האַנדשריפט געשריבען:

„עצות פון אַ פאָטער, וועלכע ער גיט זיין טאָכטער ביי דער אויסוואהל פון אַ מאַן.“

און וואָס אויף די פּאַפּירען איז געווען געשריבען, וועט דער פריינדליכער לעזער זעהן, ווען ער וועט זיך נעהמען די מיה אונזער ווערק ווייטער צו לעזען.

---

# דעם פאָטער׳ס מאַנוסקריפּט.

.1

## עצות פאַר דער טאָכטער ביי איהר אויסוועהלען אַ מאַן.



יין טהייער טאָכטער, מיין הייסגעליעבטע עממא־
דו וועסט אַליין און פיעלייכט מיט טרעהרען אין
אין די אויגען לעזען די בלעטער, וועלכע איך
האָב אויף אין איינזאַמקייט געשריבען, און מיט
טרעהרען אין די אויגען דענקענדיג אָן דיר.

גאָט זאָל געבען, דאָס דו זאָלסט זיי ניט דאַרפען לעזען! דאָס הייסט: איך זאָל נאָך לעבען אַזוי לאַנג, ביז איך וועל דיך זעהן גליקליך פערהייראַט נאָך דער עצה, וועלכע איך וועל דיר מיט מיין שטימע און מיט ווערטער פון מויל צום מויל געבען.

אָבער איך בין אַ דאָקטאָר און ווייס, אַז די קראַנקהייט, וועלכע איך טראָג אין מיין קערפער, ווייס ניט פון קיין גענאָד. איך קען אין דער צייט פון איין מאָמענט ביז דעם צווייטען פון דער וועלט פערשווינדען. דאַרום וויל איך, דאָס מיין שטימע זאָל מיך איבערלעבען, אום דיר אין דער וויכטיגסטער שטונדע פון דעם לעבען צו העלפען, ווען דו וועסט דאַרפען אויסוועהלען יענעם מענשען, וואָס וועט בעשטימט זיין דיין געטרייער חבר און דער פאָטער פון דיינע קינדער צו זיין.

פערשפרעך מיר, ניט פריהער זיך מיט דיין „יאָ־וואָרט“ צו בינדען, ביז דו האָסט די דאָזיגע בלעטער דריי מאָל אין די אינטערוואַלען פון איין וואָך צו דער צווייטער געלעזען.

*

דער פערליעבטער מאַן איז אַ שטיק גאָלד די גאַנצע צייט איידער ער האָט פון דער געליעבטער דאָ „יאָ־וואָרט“ ערהאַלטען.

דאָס גאָלד פערוואַנדעלט זיך אין זילבער גלייך ווי ער האָט ערהאַל־
טען דאָס „יאָ־וואָרט“, און דער זילבערנער מאַן פערוואַנדעלט זיך
אין א שטיק קופער גלייך ווי דער חתן איז דער מאַן פון דער כלה
געוואָרען.

*

די דאָזיגע בעהויפּטונג מיינע גילט פאר דעם גרעסטען טהייל
מענער.. עס עקזיסטירען אָבער וועניגע, אויסערוועהלטע, וועלכע
זיינען אין אָנפאַנג און אויך שפּעטער פון לויטער גאָלד, און גאָלד
בלייבען זיי שטענדיג. דו, מיין טאָכטער, מוזט נאָר אַזעלכע אויס־
געפינען.

*

אונטער די פיעלע, וועלכע אין די פערשיעדענע פּעריאָדען
פון זייער לעבענסוואַנדעל פערוואַנדלען די נאַטור און דעם כאַראַק־
טער פון זייער מעטאַל, עקזיסטירען אייניגע, אין וועמעס מעטאַל
עס געפינען זיך אימער זעהר פיעל פסולת. צוערשט איז דאָס
פערגאָלדעטעס קופער, דאַן פערזילבערטער ניקעל און צולעצט —
בליי.

*

אום די דאָזיגע פאַלשמינצער צו דערקענען, דאַרף איך דיר ניט
געבען קיין בעזונדערע עצות. דו, מיין טאָכטער, בעזיצסט א
הארץ פון ריינעם גאָלד און א שאַרפען בעאָבאַכטונגס־גייסט, און
יעדע פרוי, וועו זי איז טהאַטזעכליך ניט דום, האָט אין זיך פון דער
נאַטור דעם טהייערען פּרובירשטיין, בעסער געזאָגט: דעם פיינעם
א י נ ס ט י נ ק ט, וואָס לעהרט איהר גאָלד פון קופער, זילבער
פון בליי צו אונטערשיידען.

*

דו דאַרפסט אָבער וויסען, מיין טהייערע עממא, אַז אויך א
זעהר גוט פערגאָלדעטער געגענשטאַנד ווערט דורך דעם לאַנגען גע־
שפּרעך אָבגענוצט, די פערגאָלדונג ווערט פערשוואונדען און דער
געגענשטאַנד צייגט אונז דעם גראָבען מעטאַל, וואָס ליעגט אונטער
דער פערגאָלדונג.

*

די צייט נוצט אויך אָב דעם היפּאָקריט, דעם פאַלשען מענשען;

מעגסט די צייט פערטרויען. די צייט איז די בעסטע שפּיאָנין, וואָס שפּיאָנירט אויס די היפּאָקריטען און די הייכלער. דער עגאָאיזם, די אייגענליעבע, זיינען די אורזאכען, וואָס נוצען אָב די היפּאָקרי־טען שנעלער ווי אַלע אַנדערע אורזאכען און צייגען ארויס זייער גראָבע נאטור. בעטראַכט זיי, מיין טאָכטער, מיט ערנסטער אויפּ־מערקזאמקייט און דו וועסט קענען אונטערשיידען די וואהרהייט פון דער פאַלשקייט.

*

אין אומגאַנג מיט דיינע פערעהרער, בלייב גאַנץ גלייכגילטיג צו זייערע הייסעסטע ליעבעס־ערקלערונגען. ווען דער עגאָאיזם פון דעם חתן איז שטארקער פון זיין ליעבע צו דיר, וועט ער באַלד דורך דיין גלייכגילטיגקייט אָבגעקיהלט ווערען. איז אָבער, דאגעגען, זיין ליעבע שטארקער פון זיין עגאָאיזם, וועט ער זיך אין דיר אַלץ מעהר און שטארקער פערליעבען.

*

די פערהייראַטע מענער צוטהיילען זיך אין צוויי גרויסע קאַ־טעגאָריען: אין ג ו ט ע און אין ש ל ע כ ט ע.

די גוטע מענער זיינען אַלע גוטע חברים פון זייערע פרויען. זיי ליעבען זייערע פרויען מעהר אלס אַלע אַנדערע וועזען, זיי ליע־בען זיי מעהר אַלס זיך זעלבסט, און זייער ערשטער געדאַנקען איז: זייערע פרויען גליקליך צו מאַכען.

זיי זוכען רייכטהום, עהרע, אפשר אויך בעריהמטהייט, אָבער נאָר מיט דער איינציגער אַבזיכט פון רייכטהום, עהרע און בעריהמט־הייט אויסצופּלעכטען אַ קרוין און זי ארויפזעטצען אויף דעם קאָפּ פון דער געליעבטער פרוי.

די גוטע מענער בעפעהלען קיינמאָל ניט און געהאָרכען קיינ־מאָל ניט, ווייל זיי פיהלען זיך ניט העכער און ערהאבענער פון זייערע פרויען, אויך ניט ניעדריגער פון זיי. זיי פיהלען זיך שטענדיג גלייכגעשטעלט מיט זייערע פרויען. זיי בעשפּרעכען מיט זייערע פרויען די גרויסע און קליינע לעבענס־פּראָבלעמען און קומען מיט זיי שטענדיג צו איינעם און דעמזעלביגען שלום.

די דאָזיגע מענער האָבען שטענדיג אויף זייער שרייב־טיש, ביי זיך אין דער קעשענע און איבעראַל איין איינציגען זיעגעל, אום

זייערע סודות צו פערשליסען, אום זייערע בעשלאָסענע פּלאַנען צו בעפעסטיגען. דער דאָזיגער זיעגעל איז — אַ ק ו ס.

שטענדיג לאַכען די דאָזיגע מענער, ווען זיי הערען ווי לייט ריידען פון דעם „האָניג־מאָנאַט". אויף דעם הימעל פון זייער פערהייראַטען לעבען האָבען זיי קיינמאָל ניט קיין מאָנד, קיין האָניג און אויך קיין גאַל געזעהען. אויף זייערע קעפּ שטראַהלט שטענדיג אַ זון, וועלכע ברענט ניט, וועלכע וואַרעמט נאָר און וועלכע פערשפּרייט נאָר ליכטיגקייט, אַ זון, וועלכע געהט קיינמאָל ניט אונטער.

קורץ, מיין ליעבע טאָכטער, עס איז מיר גאָר ניט נויטהיג דיר די גוטע מענער נאָך ווייטער צו בעשרייבען. איך קען דיר דאָס אויסדריקען מיט דעם קורצען זאַץ, מיט וועלכען איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפען און מענשען־קענער האָט די גוטע מענער כאַראַקטעריזירט. ער זאָגט: „די גוטע מענער זיינען נאָר יענע, וועלכע מאַכען גליקליך זייערע פרויען, אום דורך דעם זיך זעלבסט גליקליך צו מאַכען".

און דאָס איז אַזוי אמת ווי דער אמת אליין!

*

די שלעכטע מענער זיינען דאָ פיעל מעהר און אונטער זיי געפינען פערשיעדענע מינים. איך וויל דיר אויסרעכענען די וויכטיגסטע פון זיי:

ט י ר א נ י ש ע  מ ע נ ע ר;
ש ו ו א כ ע  מ ע נ ע ר;
א י י פ ע ר ז י כ ט י ג ע  מ ע נ ע ר;
ב ר ו מ ע נ ד י ג ע  מ ע נ ע ר;
ג י י צ י ג ע  מ ע נ ע ר;
א ו י ס ג ע ל א ס ע נ ע  מ ע נ ע ר;
מ ע נ ע ר,  ו ו א ס  ט ה ו ע ן  ג א ר נ י ש ט.

* * *

## דער טיראַנישער מאַן.

אין אייראָפּאַ, צום וויינינגסטען, האָבען מיר דעם אַלטערטהימ־ליכען טיראַן, דעם מיט דומהייט געקרוינטען ו ו י ל ד ע ן, וועל־כער מיט איין פינגעל פון זיין אויג האָקט אָב קעפּ, פערברענט דערפער און מאַטערט די גליעדער פון לעבעדיגע מענשען — נאָר אויף דער ביהנע פון טהעאַטער.

דער קלאַסישער טיראַן איז אַ מין, וואָס ליעגט בעגראָבען אין די אַרכיווען פון דער געשיכטע, פּונקט ווי די פּאַרהיסטאָרישע חיות די מאַסטאַדאָנען און די מעטהאַגעריען. ניט נאָר אין דער ערד געפינט מען זייערע שפּורען; די מענשליכע געשיכטע האָט פיעל מעהר פון זיי און נאָך פיעל מעהר פון זיי וועט די צוקונפט האָבען.

און אַזוי ווי אונזערע בערען, אונזערע טיגער און אַלע אַנדערע אונזערע רייסענדע חיות האָבען קאָפּיען אין פערקלענערטען מאַס־שטאַב פון זייערע אבות, וואָס ליעגען פערשטיינערט אין דער ערד, אַזוי איז אויך דער אַלטערטימליכער טיראַן פון דעם אויבערפלעכ־ליכען שטח פון דער ערד פערשוואונדען, איבערלאָזענדיג פאַר די שפּעטערדיגע דורות זייער יורשים אין אַן אונענדליכע צאָהל, וועלכע טראָגען ניט קיינע קרוינען אויף זייערע קעפּ, קיינע סצעפּטערס אין זייערע הענד, אויך ניט קיינע שווערדען, אָבער זיי זיינען פּונקט אַזעלכע ווילדע טיראַנען ווי זייערע אבות אין אַלטערטום. מיט אַ פינסטערען בליק און מיט אַ ווילדען געשריי און מיט די וואָפען, וועלכע די מאָדערנע ציוויליזאַציאָן האָט אויסגעקליגעלט, מאָרדען און שלאַכטען זיי אָהן רחמנות, און זיינען נאָך שטאָלץ אויף זייערע וואָפען, מיט וועלכע מען קען מאַסענמאָרדען אויספיהרען.

מען ווערט געבאָרען אַ טיראַן, פּונקט ווי מען ווערט געבאָרען אַ בלאָנדער אָדער אַ ברונעט, און ווער עס האָט אין זיך דעם טעמפּעראַמענט פון אַ טיראַן, מוז טיראַניש האַנדלען און ווירקען אין וועלכען סאָציאַלען קלאַס ער זאָל ניט זיין געבאָרען און וועלכע אַרט ערציעהונג ער זאָל ניט האָבען גענאָסען. וואָס ער זאָל ניט זיין, אַן איינפאַכער געמיינער סאָלדאַט, אַ לייטענאַנט, אַ קאָלאָנעל

אָדער אַ גענעראַל, אין יעדן ראַנג האָט ער די געלעגענהייט די טי־ראַניי אויסצואיבען. האָט דער מיליטעריסט פערגעסען זיין העכע־רען בעאַמטען אונטהעניג צו וגריסען, ווי די דיסציפּלין פאָדערט אָדער איז אַ קנאָפּ פון זיין וואַפענראָק ניט גוט אָבגעשייערט, אָדער זיין קול האָט געציטערט, ווען ער האָט אַן ענטפער אויף אַ פראַגע פון זיין העכערען בעאַמטען געגעבען, דאָס זיינען אין איירָאָפּאַ די געלעגנעהייטען פאַר דעם העכערען בעאַמטען דעם אָרעמען סאָל־דאַט טיראַניש צו שטראָפען.

וואָס דער קליינער, מאָדערנער טיראַן אין דעו' „צייוויליזיר־טער" איירָאָפּאַ זאָל ניט זיין, אַן אונטער־סעקרעטער ביי אַן אַקציען־געזעלשאַפט, אָדער אַ דיענער אין אַ געריכטהויז, אָדער אַ מינים־טער — די געלעגענהייט זיין טיראַנישער נאַטור דורך אַ זעטץ מיט'ן פוס, אָדער אַ שמיץ מיט אַ בייטש צו געבען, וועט ער קיינמאָל ניט אויסלאָזען.

אלס פאַבריקאַנט טיראַניזירט ער זיינע ארבייטער, אַלס קויפ־מאַן — זיינע קלערקס, אַלס גוטסבעזיצער — זיינע פּאַראָבקעס, אַלס בוכדרוקער — זיינע זעצער, אַלס צייטונגס־אַרויסגעבער — זיינע מיטאַרבייטער, אַלס פערלעגער — זיינע אויטאָרען און אַלס טהעאַטער־אימפּרעסאַריאָ — זיינע שוישפּיעלער און זיינע באַלעט־מיידלאַך.

איז האָ דער טיראַן, פעהלט איהם קיינמאָל ניט זיין קרבן; אפילו די קרבנות פעהלען קיינמאָל ניט, ווייל שעפּסען זיינען אימער און איבעראַל מעהר פאַראַנען אַלס פאַסטוכער. די געוועהנליכסטע טיראַניי, וועלכע בעפרידיגט איהרע מערדערישע געפיהלען טאָג־טעגליך אין אַלע צוועלף שטונדען פון טאָג און אין אַלע צוועלף שטונדען פון דער נאַכט איז — דער טיראַנישער מאַן.

די דאָזיגע טיראַניי איז אַ קליינמוטיגע, אַן איינגהערציגע, ווייל זי ווערט אויסגעאיבט פון דעם שטאַרקען אויף דעם שוואַכען; אַ שמוציגע טיראַניי, ווייל זי פאָדערט ניט קיין מוטה, קיין אינטע־ליגענץ און קיין בילדונג; אַ דומע טיראַניי, ווייל זי ווערט ניט בעשטראָפט פון די געזעצען, זי ווערט נאָר פון דער נאַטור בע־שטראָפט.

ווער עס זעעט טיראַניי אין הויז, דער שניידט הערנער אין הויז

און אויסער דעם הויז, דעם פערוואַנדעלט זיך דער האָניג אין גאַל און דער פערדיענט ניט קיין מיטלייד און קיין פערצייהונג. אפילו ניט קיין מילדערונגס־גרונד, וועלכע די אדוואָקאטען געפינען פאַר די שווערסטע פערברעכער.

און דאָך עקזיסטירען אין דער וועלט אַ גאַנצע מאַסע טיראַ־נישע מענער, וועלכע ליעבען זייערע פרויען, און וועלכע, אָבגעזעהען פון זייערע טיראַנישע נאַטורען, זיינען פּאָלקאָמענע מענער אין זייער פערהייראַטען לעבען, פאָלקאָמענע בירגער און מוסטערהאַפטע פאָ־טערס פאַר זייערע קינדער.

זיי פיהלען דעם אונפערמיידליכען דראַנג און דעם צווינגענדען בעדירפניס זייערע פרויען (בעסער געזאָגט: זייערע שקלאַפינען!) צו לאָזען פיהלען, דאָס זיי אַליין זיינען די הערען אין הויז, דאָס זיי אַליין האָבען די אויטאָריטעט און יעדעס רעכט צו בעפעהלען און איבער אַלעס, צי גוט צי שלעכט, צו ענטשיידען.

די דאָזיגע מענשען וויסען נאָר די ווערטער „איך" און „מיי־נע"; די ווערטער „דו" און „דיינע" איז זיי אין גאַנצען אונבע־קאַנט. זיי זאָגען תמיד: „מיין הויז", „מיין אייגענטום", „מיין ירושה", „מיין ווילען", „מיין מיינונג", „מיין וואונש".

זיי וויסען אַבסאָלוט גאָרנישט פון די פערבאָרגענע צערט־ליכקייטען, פון דער אונבעשרייבליכער פרייד און פון דעם אינטימען פערגעניגען, וועלכע די פרוי פיהלט, ווען דער מאַן זאָגט איהר דאָס וואָרט „אונז". פאַר איהר איז דאָס וואָרט „אונז" אַ נעסט, אין וועלכען זי קען זיך פערשטיקען, פערקריכען און פערבאָרגען, אום די וואַרעמקייט פון לעבען צוזאַמען מיט דעם מאַן צו געניסען.

דער הויזליכער טיראַן האָט גאָרנישט, אין וואָס זיין פרוי זאָל איהר טהייל האָבען, אויף וואָס זי זאָל „אונזערס" קענען זאָגען. אַלעס איז „ז י י ן" איינענטום, זיין געדאַנקען, זיין אורטייל, זיין ערפאַהרונג, זיין רייכטום. דאָס וואָרט „אונז" איז ביי איהם אַן איבערטרעטונג אין דער הייראַטס־דיסציפּלין, אַ גראָבע בעליי־דיגונג אויף זיין רעכטמעסיגען רעכט, אַ רעוואָלוציאָן פון דעם אונטערטהאַן געגען דעם הערשער.

ביי אַזעלכע רעוואָלוציאָנען איז ער אַליין דער ריכטער, דער אָנקלאָגער, דער זשאַנדאַרם און דער תליון.

דער מערדער האָט זיין אייגענעם אדוואָקאט; די פרוי איז ניט ערלויבט צו האָבען א פערטיידיגער. די אונפעהלבארקייט פון דעם פערהייראטען מאַן אין די גרויסע און קליינע הויזליכע אנגעלעגענהייטען איז א געהייליגטע מיינונג, וואָס לאָזט ניט צו קיין דיספוט און בלייבט הייליג ווי די אונפעהלבארקייט פון דעם פאפסט אין רוים.

ביי דער דאָזיגער פאָרם פון טיראַניי נעהמען אָן די אונגערעכטיגקייט, די חוצפה און די קאפריזען די פאָרמען פון קאַרליקעס, ווייל זיי פעראייניגען דומהייטען מיט לעכערליכקייטען און חוצפה מיט אונגעהייערליכקייטען.

פערזעצט אין אזא לעבען, בלייבט דער פרוי איינס פון די צוויי: ענטוועדער צו רעוואָלטירען, אָדער צו שווייגען; אָבער איינס איז ערגער פון דעם אנדערען.

ווען די פרוי רעוואָלטירט און ווייזט זיך אַרויס שטאַרקער פון דעם מאַן, איז דער מאַן בעזיעגט, און מיר האָבען א טיראַניי, די ווייבליכע טיראַניי, וואָס איז ערגער פון דער מענליכער טיראַניי. ווען די קרעפטען האַלטען זיך אין גלייכגעוויכט אין זיעגען און אין נידערלאַגען, האָבען מיר אַן אייביגען קריעג, וואָס מאַכט די הויז פאַר א גיהנום.

ווען די פרוי שווייגט, ענטוועדער ווייל זי איז זעהר שוואַך, אָדער ווייל זי איז היפאָקריטיש, הייכלעריש, פערוואַנדעלט זי זיך אין א דעסטיליר־מאַשינע און אין דער איינזאַמקייט פון איהר צימער פרעסט זי פון איהר האַרץ אַרויס א מבול פון בלוטיגע טרעהרען, וועלכע צורייסען איהר נשמה, און עס ריהרען זיך אין איהר געדאַנקען פון נקמה, וואָס ווערען אַלץ ווילדער און גרויזאַמער, וואָס לענגער זי בעשעפטיגט זיך מיט די דאָזיגע נקמה־געדאַנקען.

ווי אָפט האָט א פרוי, וואָס וואָלט געווים אַן אונשולדיגע און ריינע געשטאָרבען, דעם ערשטען און דאַן דעם וויטערדיגען פעהלטריט געמאַכט, אום פון איהר טיראַנישען מאַן נקמה צו נעהמען. ווי אָפט וואַרפט זיך א שטרענג־מאָראַלישע פרוי אין די אָרעמס פון א פרעמדען אויסגעלאַסענעם מאַן אָהן א שפור פון ליעבע, אָדער אָהן א שפור פון קערפּערליכער ליידענשאַפט, אום מיט דעם נאָר איהר ווילען צו נקמה צו בעפרידיגען.

און דאָך איז עס אזוי ליכט אין פערהייראטען לעבען א געגענ־זייטיגע הארמאָניע צו האלטען. דערצו דארף מען נאָר גערעכט און פערנינפטיג איינער צום אנדערען זיין, דערצו דארף מען נאָר איינער דעם צווייטען דאָס געוויכט פון דער אייגענער אויטאָריטעט נים לאָזען פיהלען.

מאן און פרוי מוזען שטענדיג אלעס צוזאמען בעשפּרעכען און ענטשיידען. צווישען זיי טאָר ניט זיין קיין ב ע פ ע ה ל ע ר און קיין ג ע ה אָ ר כ ע ר.

ביי ווענינ וויכטיגע פּראגען, ביי וועלכע דער „יאָ" און „ניין" שטעהען אזוי נאָהענט איינער פון אנדערען, דאָס זיי בעריהרען זיך און קענען זיך פערשמעלצען, צייגט ארויס דער מאן זיין אי־בערלעגענהייט, זיין פּאָרצוג, מיט דעם, וואָס ער איז שטענדיג די פרוי נאָכגיעביג, און זי, די פרוי, וואָס האָט אין סאָציאלען לעבען אזוי פיעל שמערצען און בעליידיגונגען, זי איז תמיד דעם מאן דאנקבאר פאר זיינע בעווילינונגען.

*

מיין זיסע טאָכטער, אויב דו ווילסט ניט האָבען א טיראנישען מאָן, זאָלסט דו זיך מיט גרויס אויפמערקזאמקייט צוקוקען צו יענעם מענשען, וואָס זוכט דיין ליעבע און דיין אכטונג צו ערוואר־בען און וויל מיט דיר הייראטען. דו מוזט פריהער איינדרינגען אין די טיעפסטע טיעפענישען פון זיינע אינסטינקטען און געוואוינ־הייטען.

איך האָב דיר שוין געזאָגט, דאָס מען ווערט געבאָרען א טיראן, און מיט וועלכער פּאָרזיכט און ווילענסקראפט דער טיראנישער פערעהרער זאָל זיין וואהרען כאראקטער אין דיין געגענווארט פערבאָרגען, ועסט דו אין דער ווילדקייט פון זיין שטימע, אין זיינע קערפּער־בעוועגונגען, אין זיינע זשעסטיקולאציאָנען און אין זיינע געוואוינהייטען גאנץ לייכט געפינען זיין נייגונג צו טיראניי.

איך קען א מלאך־עהנליכע יונגע דאמע, וועלכע איז שוין פערלאָבט געוועזען מיט א יונגען מאן, וועלכער האָט אויגענשיינליך געהאַט פעהיגקייטען איהר גליקליך צו מאכען, און זי האָט דאָך מיט איהם געבראָכען, ווייל ער האָט איהר אָרויסגעצייגט זיין טי־

ראַניי מיט דעם, וואָס ער האָט איהר פערבאָטען איהרע א פריינ־דין צו בעזוכען אָהן יעדער וויכטיגען גרונד.

דער ליעב האָט איהר זיינע נעגעל געצייגט און די פּאַרזיכטיגע מיידעל האָט זיי געזעהען און האָט קלוג געדאכט וועגען איהר איי־גענעם גליק.

און די צוקונפט האָט איהר גערעכט געגעבען.

* * *

## דער שוואַכער מאַן.

דער שוואכער מאַן איז א מענש פון אַן אונבעשטימטען גע־שלעכט, ביי איהם איז דער קערפּער מ ע נ ל י ך און די נשמה— ו ו י י ב ל י ך. דאָס איז איינע פון די פיעלע טעות'ן, וועלכע די נאַטור מאַכט אין איהר שאַפען. דאָס איז א דרוקפעהלער, וועל־כען קיין קאָרעקטאָר איז ניט אין שטאַנד צו קאָריגירען.

דער שוואכער מאַן בעזיצט אפשר א קרעפטיגע פויסט און א שטארקען גייסט, אָבער ווען עס האַנדעלט זיך ביי איהם די דאָ־זיגע צוויי קרעפטען אָנצואווענדען, ענטפערען זיי איהם ניט אויף זיין רוף, רייצען איהם נאָר און מאַכען פון איהם חוזק. ער דריקט און דריקט אויף דעם עלעקטרישען קנאָפּ פון זיין ווילען און דער גלאָק קלינגט דאָך ניט.

איך רייד ניט פון דעם פויסט אין דעם געוועהנליכען זין, ווייל איך שרייב נאָר פאַר געבילדעטע לייט, און ביי געבילדעטע מענשען ליעגט זיך דער פויסט צוזאַמען נאָר זעהר זעלטען און אום נאָר מיט דעם פויסט אויפ'ן טיש צו שלאָגען, ווי איינער מאַכט אַן אויסרופונגס־צייכען נאָך אַן ענערגישען זאַטץ, ווי צום ביישפּיעל נאָך דעם אויסרוף: „האָנערוועטער!", אָדער „ביי נאָט!".

דאָס צוזאמענלעבען פון אַ פרוי מיט אַ שוואַכען מאַן קען לאַנג ניט אָנהאַלטען. פריהער אָדער שפּעטער מוז די פרוי איהר אַכטונג צו אַזאַ מאַן פערלירען, איבערהויפּט דאַן, ווען די פרוי מערקט, דאָס זי ווערט פון איהרע פריינד בעמיטליידעט. זי פיהלט

זיך אויף ענטטוישט אין איהרע ערוואַרטונגען. זי האָט געגלויבט, דאָס מיט איהר הייראַט האָט זי ערוואָרבען אַ שטאַרקען בוים, אָן וועלכען זי וועט קענען מיט פולען פּערטרויען זיך אָנלעהנען און מיט שרעקען ווערט זי געוואָהר, דאָס דער בוים איז צו שוואַך איהר וועלכען שוטץ צו געבען.

קיין כאַראַקטער־פעהלער ביי אַ מאַן ווערט אַזוי שטאַרק פער־אַכטעט פון די פרויען ווי זיין כאַראַקטער־שוואַכהייט. קערפּער־שוואַכהייטען פון דעם מאַן קענען זיי פערצייהען, אָבער די שוואַכ־הייטען פון זיין נשמה — קיינמאָל ניט. אַלס בעווייז דערצו קען דיענען דער פאַקט, דאָס די ווילדעסטע רויבער האָבען אימער די ליידענשאַפטליכסטע געליעבטע, און די זשעניאַלע מענער, זאָגאַר די אַלטע, האָבען אימער פערליעבטע פרויען. דער שוועכלינג, דאַ־געגען, ווערט פון די פרויען אימער פעראַכטעט און בעדויערט.

און עס איז רעכט אַזוי: די געזעצען פון דער נאַטור ווילען מען זאָל זיי אַכטען און קיינער קען זיי אָהן אַ שטראָף איבער־טרעטען.

ווען אין דעם פערהייראַטען לעבען ווערען די ראָלען אומגע־ביטען און די פרוי איז שטאַרקער פון דעם מאַן, בעדיענט זי זיך מיט איהם ווי מיט אַן אינסטרומענט, וואָס איז צו אַלעס גוט; אָבער אין הארצען בעמיטליידעט און פעראַכטעט זי איהם און פאַר־ביי איהר געזעצליכען מאַן זוכט זי אַ מאַן, וועלכען זי איז וויליג איהר לייב און לעבען צו געבען, אַ מאַן מיט וועמעס ליעבע זי זאָל קענען שטאָלצירען.

די שטאַרקערע פרוי פון דעם מאַן פיהלט זיך בעליידיגט פון דעם פאַקט, דאָס איהר מאַן שטעהט טיעפער פון איהר און זי בעהאַנדעלט איהם, אפילו אין בעסטען פאַל, ווי מען בעהאַנדעלט אַ קינד, מיט מיטלייד, מיט אויפמערקזאַמקייט ווי אַ וועזען, וואָס קען זיך זעלבסט ניט העלפען און דאַרף דעם שוטץ און די נאַכזיכט פון אַ צווייטען.

ווען אַ פרוי ליעגט אין די אָרעמס פון אַ מאַן זוכען איהרע אויגען זיינע אויגען צו בעגעגנען, זי שטעלט זיך אויף איהרע פוס־שפּיצען, כדי איהם לייכטער קושען צו קענען. גאָט האָט די גע־שטאַלט פון דער פרוי קלענער פון אונז מענער געמאַכט, כדי זי

זאָל פון אונטען צום אויבען קוקען. דאַן ווערען איהרע אויגען שעהנער, איהרע ליפּען עפּענען זיך ווי דער בעכער פון אַ בלום, וואָס טרינקט דעם טוי, וואָס פאַלט פון אויבען און זי רופט אויס גליקליך און שטאָלץ: — ווי גרויס ביזט דו, מאַן!

אָבער ווען זי איז דאָס, וואָס דאַרף איהרע אויגען אַרונטער־לאָזען, ווערען זיי קליין, די שטאָלצע בליקען בעקומען דעם אויס־דרוק פון בושה, מען זעהט אין זיי דעם ווילען צו בעשיצען, אָבער ניט צו בעוואונדערען, פּילייכט אַ נייגונג צו צערטליכקייט אָבער ניט שטאָלץ, און ווען זי זאָגט ניט: „אָה, ווי קליין דו ביזט, מאַן!, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל זי איז גוט און פערבאָרגט אין זיך דעם מיטלייד צו דעם קליינעם מאַן וועלכען זי ליעבט, אום איהם נאָך קלענער ניט צו מאַכען.

אָבער ווען זי זאָגט עס ניט, דיינקט זי דאָס, און די דאָזיגע געדאַנקען פערביטערען די העכסטע בעשטרעבונגען פון דער פרוי, וואָס האָט זיך פערבונדען מיט אַ שוואַכען מאַן, אַ מאַן, צו וועלכען זי קען מיט שטאָלץ ניט אַרויפקוקען און איז פעראורטיילט שטענ־דיג אויף איהם פון איהר הויך אַראָבצוקוקען.

*

דער מוזעאום פון די שוואַכע מענשען איז זעהר רייך אין זיינע אַרטיקלען. מיר געפינען אין איהם אַן אונגעהייער גרויסע זאַמלונג פון קליינינקע, העסליכע ,אָפּט עקעלהאַפטיגע שקצים ורמשים, פון קריעכענדע און כמעט אונזיכטבאַרע ברואים, אַ גאַנצע זאַמלונג פון רייצונגען אָהן שמערץ, פון אַבאָרטען (מפּיל'ס) אָהן לעבען, פון אַבזיכטען אָהן ענערגיע, אַ פּאָרהאַלע פון גיהנום פון ווילענס־פאַנטאַזיען, פון חרטה אָהן תשובה, פון זינד אָהן נקמה, פון ווידער־שפּרוכען, פון בעוועגונגען נאָך אַלע זייטען אָהן אַ פּעולה, פון פּאַראַליזען פון געדאַנקען.

*

די פרוי האָט זיך פון שלאָף אויפגעחאַפּט און איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט איהר בעט צו פערלאָזען, טראַכט זי שוין מיט וואָס אַנגענעהמעס איהר מאַן צו ערפרייען. זי שיקט איהר קאַמער־פרוי צו איהר מאַן איהם פרעגען, אויב עס וועט איהם אַנגענעהם

זיין איינעם פון זיינע פריינד, וואָס איז נעכטען פון אַ לאַנגע רייזע צוריקגעקומען, און וועלכען ער ליעבט זעהר שטארק, צום דינער איינצולאַדען. ער ענטפּערט האַלב מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע, ווייל זי האָט איהם אין זינען געהאַט, אָבער מיט די ליפּען ענטעפּרט ער פיעל שפּעטער.

דער ענטפער איז „יאָ!‟, אָבער ער קומט אַרויס פון זיינע ליפּען אונבעשטימט, ווי צווייפלענד, ווי אַ פראַגע־צייכען.

די קאַמערפרוי איז נאָך ניט מיט דעם „יאָ‟ אַרויסגעגאַנגען, אַלס ער איז פון זיין פּלאַץ אויפגעשטאַנען און ער זאָגט צו איהר:

— וואַרט, וואַרט, איך געה זעלבסט צו מיין פרוי, אום איהר מיין ענטפער צו געבען.

און זיין ענטפער, וועלכען ער גיט זיין פרוי, איז ווידער אַ פראַגע־צייכען בעגלייט פון אַ גאַנצע מחנה „ווען׳ס‟ און „אָבער׳ס‟ און „אפשר׳ס‟. אפשר וועט דעם פריינד די איינלאַדונג ניט אַנגענעהם זיין... דער פריינד מוז דאָך די ערסטע טעג בלייבען ביי זיין פאַמיליע... אפשר האָט ער פיעלע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען צו בעזאָרגען, וועלכע זיינען דורך זיין אַבוועזענהייט ניט בעזאָרגט געוואָרען... לאָמיר בעסער אָבוואַרטען אַן אַנדער טאָג, ווען דו גלויבסט — — —

— אָבער איך גלויב גאָר נישט! — זאָגט די פרוי צו איהם — איך האָב איהם געוואָלט צום דינער איינלאַדען איינציג און אַליין, אום דיר אַ פערגעניגען צו פערשאַפען.

— ניין, ליעבסטע, דאָס וואָלט אפשר נאָר געווען אַן אויסגעזוכטע העפליכקייט, אָבער דאָך — — —

— הער, מיין מאַן, איצט ביזט דו ווידער אין דיין געוועהנליכער אונזיכערהייט וועגען אַ גאָרנישט וועגען אַ גאַנץ פערשטענדליכע איינלאַדונג דיינעם אַ פריינד צום דינער... אָבער מאַך, וואָס דו ווילסט, מיר איז דיין יאָ און ניין אַלץ איינס.

אין פערלויף פון דעם גאַנצען טאָג מאַכט דער מאַן גאָרנישט, אָבער שפּעט אין אָבענד דיינקט ער: „אפשר האָט די פרוי רעכט געהאַט, און אפשר וואָלט זיין פריינד איבער דער דאָזיגער איינלאַדונג העכסט דערפרייט געווען‟.

* * *

אן אנדערס מאָל האָט עס זיך געהאנדעלט וועגען אַ פיעל ערנסטערע זאַך.

די פרוי איז זעהר שעהן און יונג און ביי יעדען שריט אין גאַס און אין דער געזעלשאַפט פערשפּרייט זי ארום זיך ווינשונגען און צינדענדע פונקען.

איינער, אַ הויז־פריינד, האָט אויפגעקליבען אַ גאַנצען בינטעל פון די דאָזיגע ווינשונגען און פונקען, ווייל ער גלויבט, אז נאָר פאר איהם האָט זי זיי פערשפּרייט. פון דעם צינדענדען בליק, איז ער זעהר שנעל צו דעם פרעגענדען בליק, צו דעם בעטענדען וואָרט איבערגעגאַנגען. די פרוי איז אָבער אַ שטריינג טוגענדהאַפטע און געטרייע פרוי, זי וויל די צודרינגליכקייט פון יענעם דאָן זשואַן מעהר ניט פערטראָגען און בעט איהר מאַן ער זאָל זי פון יענעם אויסוואורף פערטיידיגען.

און ער גיט איהר רעכט, ער ווערט בעזאָרגט און פערשפּרעכט איהר אין אָנפאַנג די דאָזיגע אנגעלעגענהייט דיפּלאָמאַטיש צו בעהאַנדלען, כדי עס זאָל ניט קומען צו אַן עפענטליכען סקאַנדאַל, און אויב דאָס וועט ניט גענוג זיין, וועט ער איהר עהרע מיט וואפען אין דער האנד פערטהיידיגען.

אָבער נאָכדעם ווי ער האָט אַ לאַנגע צייט נאָכגעדאַכט איבער דער אַרט און ווייזע ווי ער זאָל האַנדלען, ענטשיידעט ער ערסט מאָרגען זיך ענדגילטיג צו ענטשיידען.

אָבער דער איין מאָרגען איז פאַר דעם שוואַכען מאַן צו־ווייניג, אום זיך צו עפּעס וואָס צו ענטשיידען; אַזאַ מאַן דאַרף האָבען אַ סך „מאָרגענס", ביז ער קומט צו דער ענטשיידונג, אז ער וויים ניט ווי ער זאָל זיך ענטשיידען. ער פערטהיידיגט זיך מיט דעם, דאָס ער האָט ניט פאָראויסגעזעהן, ניט אַלעס בעדאַכט, און אין די וויטערדיגע טעג נאָך זיין פעסטגעזעצטען „מאָרגען", זוכט ער זיך צו פערטהיידינען און אויך אָנצוגרייפען. דאָס איז ער זיכער.

און דער פעסטגעזעצטער „מאָרגען" איז געקומען. ער איז אריינגעקומען אין סאַלאָן, וואו זיין פרוי איז מיט דעם פריינד גאַנץ אַליין געזעסען. ער איז געווען פעסט ענטשלאָסען צו ריידען און

עפּעס וואָס צו טהאָן — אָבער ער איז באַלד פון סאַלאָן צוריק אַרויסגעגאַנגען אָהן אַ וואָרט צו זאָגען, אָדער עפּעס צו טהאָן.

און אַזוי פערגעהען די טעג און די וואָכען... די פרוי בעקלאָגט זיך מעהר ניט פאַר איהר מאַן איבער די גראָבע צודרינגליכקייט פון דעם פריינד. דער מאַן לייגט אַלץ אָב זיין איינגרייפען אין דער אַנגעלעגענהייט און ענדערט שטענדיג זיין פערטהיידיגונגס- און אַנגריפס-פעלד. ביי אַזעלכע אומשטענדען בלייבט נאָר צו פרעגען: וועט די פרוי שולדלאָז בלייבען?..

*

ביידע, דער שוואַכער מאַן און זיין פרוי, האָבען דאָס אונגליק אַ זוהן צו בעזיצען, וועלכער איז אַלס מאַן נאָך ניט רייף און איז דאָך שוין מאָראַליש פערדאָרבען און געזונקען. דורך געשיקטע ליגענס איז איהם אַ לאַנגע צייט געלונגען דורך אַ קאָרעקטע האַלטונג אין הויז זיינע עלטערען צו בלענדען און צו נאַרען, אָבער איינער אַ הויז-פריינד האָט די עלטערען קלאָר געמאַכט איבער די אַוואַנטיורעס פון זייער זוהן, וועלכע ער טרייבט הינטער זייער רוקען.

די מוטער וויינט; דער פאָטער ווערט בלאַס און זיפצט.

— איך וויל האָפען, — זאָגט די פרוי צו דעם מאַן, — אַז צום וויינינגסטען אין ד ע ר אַנגעלעגענהייט וועסט דו וויסען ווי אַ פ אָ ט ע ר צו האַנדלען, וועסט וויסען ש ט אַ ר ק צו זיין, דאָס דו וועסט דיין זוהן רופען און איהם לאָזען בעגרייפען ווי גרויס אונזער שאַנדע און ווי טיעף אונזער שמערץ איז... אום גאָטעס ווילען, זיי איינמאָל אַ מ אַ ן!

די בראַווע פרוי, אַ שטריינג רעליגיעזע און פרומע נשמה, האָט אומזיסט גאָט׳ס נאָמען קיינמאָל ניט אויסגעשפּראָכען, און ווען זי האָט דאָס יעצט געטהאָן, איז דאָס נאָר אַ בעוויז, ווי גרויס איהר שמערץ איז געוועזען אין דעם דאָזיגען מאָמענט, דאָס זי האָט די הילף פון גאָט געזוכט. אפשר האָט זי געהאָפט, דאָס דורך איהר ענערגישעס אויפטרעטען וועט זי אין די שוואַכע און ווייכע נשמה פון איהר שוואַכען מאַן אַ פּאָר ענערגישע קערנער אַריינוואַרפען.

אָבער דער מאַן, נאָכדעם ווי ער האָט פון זיין געזיכט א טרעהר אָבגעווישט, האָט קיין אנדער ענטפער ניט געקענט געפינען ווי נאָר צו זאָגען:

— איך האָב קיינמאָל ניט געדאַכט, אַז אונזער זיהן זאָל פערדאָרבען זיין.

— אָבער עס מוז עפּעס וואָס געטהאָן ווערען — זאָגט די פרוי צו איהם — עס איז נאָך ניט צו־שפּעט צו האַנדלען. מיר מוזען אויף איהם ווירקען, מיט גוטען אָדער מיט בייזען.

—יאָ, יאָ!... געוויס! געוויס!..

— און וואָס דיינקסטו צו טהאָן?

— איך וועל זעהן, איך וועל זעהן, אָבער היינט האָב איך קיין מוטה דערצו, און די קראַפט דערצו פעהלט מיר אויך... די אויפרעגונג איז צו־גרויס געוועזען...

— ניין, עס דאַרף קיין צייט פערלאָרען געהן! — דרינגט אין איהם די אונגליקליכע מוטער — לואידזשי (דער נאָמען פון דעם זוהן) וועט באַלד קומען צום פריהשטיק, דו זאָלסט איהם באַלד צו זיך אין דיין קאַבינעט אריינרופען און זאָלסט שטריינג, ניט־נאָכגעבענדיג געגען איהם זיין... אפשר איז נאָך צייט, אפשר איז ער אין דעם זומפּ נאָך ניט גאַנץ טיעף איינגעזונקען, אפשר קענען מיר איהם נאָך אויף דעם גראַדען וועג צוריקברייננגען...

— אָה, גאָט, גאָט! — יאָמערט דער שוואַכער מאַן — איך האָב ניט די קראַפט, מיין זוהן, אויסצוצאַנקען און גראָב אָנצוטרעטען. לאָז מיר אַ טאָג רוה, נאָר איין טאָג! איך פערשפּרעך דיר — — —

— דו קענסט נאָר פערשפּרעכען, אָבער ניט האַלטען...

ווי געבראָכען געהט אַרוים די פרוי פון איהר מאַנ'ס צימער און אין די געדאַנקען זאָגט זי זיך:

— ד ע ר מאַן איז גאָר קיין מאַן ניט!..

*

מיין ליעבע טאָכטער! איך וויל דיר מעהר בילדער פון די מענשליכע שוואַכהייטען ניט ווייזען, ווייל זיי זיינען העסליך אָנצוזעהן און נאָך העסליכער זיי צו בעשרייבען, אָבער זיי זיינען נאָר אַהן אַ צאָהל און פון פערשיעדענאַרטיגע פאָרמען.

זאָלסט קיינמאָל א שוואַכען מאַן ניט הייראַטען; עס ווילט זיך מיר כמעט דיר זאָגען: הייראַט ליעבער א טיראַנישען מאַן.

* * *

## דער אייפערזיכטיגער מאַן.

זיי מיר מודה, מיין ליעבע טאָכטער, דאָס מעהר פון איינמאָל, ווען דו האָסט אָן דעם אידעאַל פון דיין קינפטיגען מאַן געדאַכט, האָסט דו איהם זיך פאָרגעשטעלט אלס א מאַן מיט עטוואָס נייגונג צו אייפערזוכט; און כמעט אַלע פרויען דענקען ווי דו.

און הונדערטער מאָל האָב איך אין מיין לעבען געזאָגט און געשריבען, אז אין דער דאָזיגער בעהויפּטונג האָבען אַלע פרויען אונרעכט.

מען קען אייפערזיכטיג זיין אויף א פרוי, וועלכע מען ליעבט ניט, און מען קען ליעבען א פרוי און אויף איהר ניט אייפערזיכטיג זיין. איך שיינט עס, דאָס א מאַן, וואָס איז זיין פרוי ניט חושד, וואָס ווערט ניט אונרוהיג, ווען אַן אַנדער מאַן לויבט איהר שעהנ־הייט ליעבט ניט זיין פרוי, ער פעראַכטעט זי און קימערט זיך ניט וועגען איהר.

מאַנכע פרויען געהען אין זייער פאַלשען אורטייל אזוי ווייט, דאָס זיי מעסטען די טיעפקייט פון דער ליעבע נאָך דעם גראַד פון דער אייפערזוכט. א ניט־אייפערזיכטיגער מאַן הייסט ביי זיי: א גלייכגילטיגער מאַן, אַן אייפערזיכטיגער מאַן הייסט ביי זיי: א ליעבענדער מאַן, און א זעהר אייפערזיכטיגען מאַן קרוינען זיי מיט דעם נאָמען: א זעהר פערליעבטער מאַן.

איך ווינש די דאָזיגע הייראַטס־קאַנדידאַטקעס, דאָס זיי זאָלען אין די הענד פון אייפערזיכטיגע מענער ניט אריינפאַלען. פאַר זייער אונגליקליכען טעות, פאַר זייער פאַלשען אורטייל, וועלען זיי האַרט בעשטראָפט ווערען.

עס איז גאַנץ נאַטירליך, דאָס מיר אַלע זוכען צו פערטהיידי־גען געגען פרעמדע הענד דאָס, וואָס עס איז אונז ליעב און טהייער;

עס איז העכסט נאַטירליך, דאָס מיר זוכען אונזערע פרויען צו פערהיטען פון די גיפטיגע פיילען, וועלכע די דאָן זשואַנס און אַלע אַנדערע פערפיהרער זוכען אויף זיי אָבצושיסען, אָבער ווען מיר אַכטען אונזערע פרויען, מוזען מיר האָבען די גאַנצע זיכערהייט, דאָס יענע אָבגעשאָסענע פיילען קענען זיי גאָר ניט פערוואונדען, און ווען די פרויען האָבען ניט גענוג קראַפט דעם אַנגריף פון די פערפיהרער אַליין אָבצושלאָגען, וועלען זיי שוטץ זוכען ביי זייערע מענער.

אָבער שטענדיג די פרוי חושד זיין, און יעדען פרעמדען מאַן, וואָס קומט צו איהר, רעדט מיט איהר און שמייכעלט איהר, ווייזען אַ צאָרענדיגען פנים, הייסט: אָהן יעדע בערעכטיגונג איהר בעליידיגען, הייסט: אָהן יעדען גרונד איהר פּלאָגען, און הייסט: דעם אייגענעם נעסט, די אייגענע היים אַרומרינגלען מיט אַ דיקען און שאַרפען רויך, וואָס פערכאַפּט דעם אָטעם און וואָס דערשטיקט די ליעבע פון דער פרוי.

ווי פיעלע פרויען זינקען מאָראַליש, בלויז אום געגען דעם אייפערזיכטיגען מאַן צו פּראָטעסטירען! וויפיעל פרויען פאַלען אריין אין די נעצען פון די דאָן זשואַנס און פערפיהרער, ווען זיי זעהען די פּאָליציסטען, די זשאַנדאַרען און די שפּיאָנען, מיט וועלכע די אייפערזוכט רינגעלט זיי אַרום פון אַלע זייטען, ווען די אייפערזוכט האָט קיין שום גרונד אין דער טוגענד פון די דאָזיגע פרויען צו צווייפלען!

ווען די טוגענד פון דער פרוי איז ניט גענוג, אום זיך געגען דער פינסטערער אייפערזוכט צו פערטהיידיגען. דאַן האָט די אייפערזוכט אַ געוויסע בערעכטיגונג!

די אייגענליעבע, דער עגאָאיזמוס פון דעם מאַן שפּיעלט כמעט ביי אַלע פערשיעדענע פאָרמען פון דער אייפערזוכט אַ גרעסערע ראָליע אַלס די ליעבע.

די אייפערזוכט פון דער ריינער ליעבע איז נישט מעהר אַלס אַ שמערץ, אַ שטאַרקער, זעהר אַ שטאַרקער, אָבער אַ שמערץ.

די אייפערזוכט וואָס שטאַמט פון עגאָאיזמוס איז אויך אַ שמערץ, אָבער מיט איהר געהען ערגערניס און צאָרען האַנד אין

האנד. זי איז א מין רעאקציע ווע׳ם פערוואונדעט דעם מאן׳ס שטאָלץ און זיינע צארטעסטע און עמפפינדליכסטע געפיהלען.

די אייפערזוכט וואָס שטאמט פון דער ריינער און אמת׳ער ליעבע ווײנט און בעט תחנונים, זי ערנידריגט זיך און בעט.

די אייפערזוכט וואָס שטאמט פון עגאאיזמוס געוואלדעוועט און שילט, אטאקירט און טויטעט.

די מערדער פון אונגעטרייע פרויען ווערען כמעט שטענדיג אין געריכט דורך דעם שפּרוך פון נארישע און אונוויסענדע צוועלף געשווארענע פריי געשפראָכען, ווייל יעדער פון די דאָזיגע געשווארענע פיהלט זיך בעליידיגט און געסטראשעט פון דעם גליקליכען ליעבהאָבער; איך אָבער וואָלט זיי געוויס פעראורטהיילט, ווען איך וואָלט געהאט דאָס אונגליק א געשוואָרענער צו זיין.

איך וואָלט זיי פעראורטהיילען, ווייל איך זעה אין די דאָזיגע פרויען־מערדער נישט מעהר, אלס דעם וואוט־געשריי און דעם ביס פון דער ווילדער בעסטיע, ווייל זיי זיינען דאָך ניט אנדערס אלס מערדער און קיינער אין דער וועלט האָט דאָס רעכט א מענשען צו טויטען.

איך בעקלאָג אויך דעם אייפערזיכטיגען מאן, וועלכער האָט גליקליכען ליעבהאָבער ערמאָרדעט; איך פערפלוך און פערדאַם יענעם, וואָס האָט זיין פרוי, אָדער זיין מעטרעסע ערמאָרדעט, וואָס האָט זיינע הענד מיט דעם בלוט פון א פרוי בעפלעקט, די פרוי, מיט וועלכע ער האָט צערטליכקייטען און קוסען געוועקסעלט, און וועלכע איז פיללייכט די מוטער פון זיינע קינדער.

דאָס טויטען א פרוי איז די ברוטאלסטע פייגהייט, די גוואלט־טהעטיגקייט פון א ווילדע חיה, און איך בין שטענדיג בערייט יענע מערדער צו אפּלאָדירען, וועלכע האָבען דעם מוטה נאָך זייער מאָרדטהאט זעלבסטמאָרד צו בעגעהן. זיי זיינען טאקע מערדער, אָבער פאר זייער ברוטאליטעט פער׳משפּט׳ען זיי זיך זעלבסט און ווערען זייערע אייגענע הענקער. זיי ווייסען, אז נאָך זייער פערברעכען, קען זיי די ערד מעהר ניט טראָגען און זיי האָבען מעהר קיין פּלאטץ אין דער מענשליכער געזעלשאפט.

פלוך איבער זיי! טויזענד מאָל פערפלוכט זיינען די פרויען־מערדער!

און פערפלוכט מיט זיי צוזאמען זיינען די געשווארענע און די ריכטער, וואס האבען זיי פריינעשפראכען, ווייל זיי האבען די גערעכטעסטע פון אלע גערעכטיגקייטען מיט די פיס געטראטען.

*

דעם אייפערזיכטיגען מאן איז ווירקליך צו בעדויערען. ער איז אן אפפער פון זיין אונגליקליכען טעמפעראמענט. ער געפינט זיך תמיד אין א צושטאנד פון כראנישען חושד זיין, א געפיהל, וואס פערגיפטעט זיין בלוט, וואס צוקרימט זיינע זשעסטיקולא־ציאנען און וואס מאכט העסליך זיינע ווערטער און זיין שטימע.

יעדעס ווארט פון אונשולדיגער סימפאטיע אדער א פאר ליוב־ווערטער, וועלכע זיין פרוי שפענדעט צו אן אנדער מאן, הייסט ביי איהם: „דער אנפאנג פון א זינדיגער ליעבע צו יענעם מאן“, א פערברעכען געגען דער מאראל און א בעפלעקונג אויף דער הויז־עהרע, יעדע פריינדשאפט מיט א פרעמדען מאן איז זנות, וועלכע האלט נאך אין ארויסשפראצען, אדער זי איז שוין אויס־געוואקסען.

יעדער מאן, וואס קומט נאהענט צו דער פרוי, איז א פיינד, און דער קראמפהאפטער ווילדער חשד רופט ארויס אן אנקלאגע און א פערדאמונג אויף דער אונגליקליכער פרוי. פון דער פינסטע־רער חשד־חמארע זעצט באלד ארויס דער בליטץ פון א דראהונג, די בעליידיגונג פון א בעשולדיגונג, דער בליץ פון אונגערעכטיגקייט און פערליימדונג.

דער אייפערזיכטיגער מאן האט אלע רעכטע, אבער גאר קיינע פליכטען.

דער אייפערזיכטיגער מאן איז א פאליציסט און א טיראן און האט אין זיך אלע קליינליכע, בייזע און אבשטויסענדע חיט־ראסטען פון א שפיאן און אלע גוואלט־טהעטיגקייטען פון א תליון

יעדע האנדלונג און יעדעס ווארט פון דער פרוי ווערט אונ־טערווארפען די מארטער־אינסטרומענטען פון דער אינקוויזיציאן; יעדער בליק פון דער פרוי אויף א פרעמדען מאן און יעדער בליק פון דעם פרעמדען מאן אויף דער פרוי, ווערט שטודירט מיט די שארפסטע גלעזער פון אן אפטהאלמאס־קאפ, אום זיין זינדיגען עלעמענט אויסצוגעפינען.

דער אייפערזיכטיגער מאַן בעוואַפּענט שטענדיג זיינע אויגען, אום צו זעהן, וואָס עס געהט פאָר און וואָס עס געהט ניט פאָר, ער איז אויך בעוואַפּענט מיט שווערדען, מיט קינזשאַלען און מיט שיס־וואַפּען, אום צו פערוואונדען און צו טויטען. די מאָרד־מע־סערס זיינען אימער גוט געשליפען און די שיס־וואַפען אימער גע־לאָדען, אום די קויל אָבצושיקען.

דו קענסט זיך, מיין קינד, פאָרשטעלען, ווי גליקליך מען קען זיין אין אַזאַ אַטמאָספּערע און מיט אַזאַ מאַן, וועלכער איז אימער חושד, אימער בערייט צום אָנקלאָגען און פערדאַמען, אימער מיט די פינסטערע קנייטשען פון אַן אינקוויזיטאָר אויפ׳ן שטערען, און אימער מיט דער האַק פון א תליון אין דער האַנד.

דער פערעהרער, דער חתן, איז תמיד א הייכלער א היפּאָקריט מיט אבזיכט אָדער אָהן אַבזיכט, ווען ער וויל זיינע פעהלערען פער־באָרגען אָדער זיינע טוגענדען פערגרעסערען; אָבער די אייפערזוכט איז אַן עטוואָס, וואָס איז פיליייכט שווערער פון אַלעס צו פער־באָרגען, ווייל זי איז שטורעמדיג, בעגעהרליך און נייניציג מאָל פון הונדערט אונפערנינפטיג.

גיב, אַלזאָ, גוט אַכטונג, ווען ער רעדט מיט דיר, אָדער ווען ער פרעגט דיך אויס. עס וועט דיר זעהר לייכט זיין צו ענטדעקען, אויב ער איז אייפערזיכטיג.

קומט צו דיר, מיין טאָכטער, אַזאַ האַנד־בעטער, איז זיין אויפגאַבע דיין אינערליכעס צו זעהן, דעם גאַנצען אינהאַלט פון דיין נשמה דורך די אונזיכטבאַרע פערגרעסערונגס־גלעזער אויס־צופאָרשען. אונטער דעם אויסרייד, דאָס ער אינטערעסירט זיך פאַר אַלעס, וואָס דיר בעטרעפט, ווילט זיך איהם וויסען, וואָס דו טהוסט, מיט וועמען דו פערקעהרסט און איבערהויפּט וועלכע מענשען קומען אין דיין הויז, און אויב אונטער די דאָזיגע בעזוכער געפינט זיך א יונגער מאַן, פערוואַנדעלט ער זיך אויגענבליקליך אין אַן אונטערזוכונגס־ריכטער. באַלד הויבט ער אָן צו פרעגען ווער איז דער יונגערמאַן, וואָס טהוט ער, וואָס רעדט ער מיט דיר, וויפיעל צייט געדויערט זיין יעדער וויזיט ביי דיר און אזוי ווייטער.

די דאָזיגע „נייגיערינקייט“ פון זיין זייט, וועט דיר פאָרקומען אַלס א פריינדליכקייט, ווייל ער וויים זי מיט א גלייכוועדטיל, מיט

א געוויסע צוריקהאלטונג, מיט ענטשולדיגונגען און צערטליכקייטען צו פערצוקערען, אבער לאז זיך ניט נארען, מיין טאכטער! די דאזיגע נייגיעריגקייט זיינע איז נאר א מאסקע הינטער וועלכע זיין אייפערזוכט איז בעהאלטען.

און אויב דו ווילסט ווימען, ביז וואנען די דאזיגע אייפערזוכט גרייכט, אויב דו ווילסט וויסען צי איז זי בעשאפען פון ראזענוואסער אדער זי איז נישט מעהר אלס א ווילדע און א ברוטאלע ליידענשאפט — דארפסט דו איהם געבען אזעלכע אנטווארטען, וועלכע זאלען אין איהם חשד און אייפערזוכט ערוועקען, און מיט דעם ווערסט דו אין איין מאמענט צורייסען דעם נעץ, מיט וועלכען ער האט געזוכט דיך צו פאנגען. דער דאזיגער מאמענט וועט דיך פון איהם בעפרייען, ער וועט מעהר צו דיר ניט קומען.

דו ביזט א ו ו י י ב און מעהר דארף איך דיר ניט זאגען.

די פרויען, וואס האבען כעמיע ניט שטודירט, קענען אויך גוט אנאליזירען געפיהלען, שמייכעלייען און מעהר פון אלץ די ליעבעס־ערקלערונגען פון די מענער, זיי פיהלען באלד ארוים ווי פיעל וואהרהייט און וויפיעל ליגען עס זיינען פאראן אין די דאזיגע געפיהלען און ליעבעס־ערקלערונגען.

דאס, מיין טאכטער, מוזט דו טהאן, ווען דו אנאליזירסט די אייפערזוכט פון א האנד־בעטער, אדער פון דיין חתן, אום צו זעהן, אויב ער איז אויפריכטיג צו דיר, אדער ער פערשטעלט זיך, ווי פיעל וואהרע ליעבע ער פיהלט צו דיר און וויפיעל עגאאיזמוס עס ליעגט אין איהם.

*   *   *

## דער ברומיגער מאן.

ערזאינערסט דו זיך, מיין קינד, אן יענעם אויספאהרען, וועלכען מיר האבען אין פאריגען אקטאבער געמאכט צוזאמען מיט דיינע קאזינס און קוזינעס נאך וויניאגיא?

דאס איז געווען אן אויספאהרען, וואס איז פאר אונז זעהר

זעהר אונטערהאַלטענד און לוסטיג אויסגעפּאַלען דורך פערשיעדענע פּאַסירונגען און קאָמישע סצענען.

נאָכדעם ווי אַלע אנטיילנעהמער אין דעם דאָזיגען אויספּאָהר האָט זיך אום זיעבען אוהר אין דער־פריה אויף דעם „פּיאַזזאַ די קאַמעראַ" פערזאַמעלט, האָט מען זיך אויף דעם הימעל ארומגע־קוקט, אום צו וויסען, אויב מיר זאָלען ווירקליך דעם אויספאָהר מאַכען אָדער בלייבען צו הויז.

די פאָריגע נאַכט האָט אַ ביסעל גערעגענט, און „דער גראָז, אויף וועלכען מיר האָבען בעשטימט אָבענד־ברויט צו עסען, איז געוויס שטאַרק דורכגענעצט", האָבען די פעסימיסטען ערקלערט.

אָבער די אָפּטימיסטען האָבען באַלד דאַגעגען ערקלערט: „ווען עס האָט אין קאַמעראַ גערעגענט, איז דאָס נאָך ניט קיין גרונד צו בעהויפּטען, אַז אויך אין וויניאָניאַ האָט גערעגענט. זעהר אָפט רעגענט עס ביים ברעג ים און אויף די בערג איז טרוקען און קלאָר."

— און אַמאָל איז דאָס פערקעהרט! — האָבען שאָפּענהויער'ס אָנהייננגער ערקלערט.

און די אַנדערע, אונטער וועלכע אויך דו, מיין קינד ביזט געוועזען, האָבען זייער שטאַנדפּונקט פערטהיידיגט מיט די ווערטער:

— אָבער זעהט איהר דען ניט, אַז אין מאַקאַנאַ און לואווינאָ שיינט די זון? מיר קענען פאָהרען, מיר ווילען האָבען אַ פּרעכ־טיגען, קלאָרען און פרישען טאָג

און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ דעבאַטע.

— בראַוואָ, בראַוויסימאָ! — האָט איינער פון רעכטס אויס־גערופען — ווען עס איז קלאָר און העל אויף דעם לאָמבאַרדישען ברעג, איז דאָס דאַרום, ווייל דער ווינד בלאָזט פון מזרח־זייט, וועלכער ברייננגט אונז תמיד שלעכטעס וועטער.

— נו, אַלזאָ? — האָט איינער פון לינקס געפרעגט.

קורץ, די אָפּטימיסטען האָבען געזיעגט דורך אַ מאַיאָריטעט, ווייל אין דער געזעלשאַפט זיינען געוועזען מעהר יונגע אַלס אַלטע מענשען.

און די קאַראַוואַנע איז אָבגעפאָהרען. די אייזלען מיט די מיידלאַך און מיט די פרויען פאָראויס, און הינטער זיי די בחורים מיט די מענער צו־פוס מיט שטעקענס אין די הענד, פונקט ווי זיי

וואלטען דארפען ארויפקלעטערען אויף די הימעל־הויכע אלפען־בערג, און הינטער אלעמען די גוטע דזשאננא, דער בראנז־פארביגער אייזעל, אנגעלאדען מיט א גרויסען קארב פול מיט פערשיעדענע שפייז־ארטיקלען.

ביז די געזעלשאפט איז אין אראַרעגא אנגעקומען, האבען די וואלקענס מיט דער זון געפיהרט א קאמפף „אויף לעבען און טויט", דא האבען זיי איהר פערדעקט און דא האט די זון דורכגעבראכען, און דאס איז פאר דער געזעלשאפט ווידער געווען א מאטיוו, אום די דעבאטע וועגען וועטער פון דאס ניי אנצופאנגען. „אהא!" האבען די פעסימיסטען אויסגערופען ווען די וואלקענס האבען די זון איינגעשלונגען, „האבען מיר דאך פריהער געזאגט, אז מיר דארפען זיך אומקעהרען!". „אבער די זון שיינט דאך ווידער!" האבען די אפטימיסטען געענטפערט, אלס די זון האט פון אונטער די וואלקענס ווידער ארויסגעקוקט.

און מיט איינמאל האט אנגעהויבען פאלען א פלאץ־רעגען, און די דעבאטע איז היטציגער געווארען. ביי די פעסימיסטען איז בעשלאסען געוועזען אין טראַרעגא צו בלייבען און זוכען שוטץ אין א גאסט־הויז, און א ווייל שפעטער, אלס דער רעגען האט אויפגעהערט און די זון האט ווידער געשיינט, האבען די אפטימיסטען טריאומפירט.

דו, מיין ליעבע עממא, דו עראינערסט דיך געוויס בעסער פון מיר די קאמישע פאסירונגען פון אונזער לוסט־רייזע. איך דערמאן זיי דיר נאר דארום, אום מיט דיר א שטונדע ווידער דורכצולעבען און אום די לעצטע העכסט קאמישע סצענע אין דיין זכרון צוריק צו ברייננגען; יענע סצענע, אלס מען האט דעם אבענד־מאהלצייט אונטער א גרויסען קאסטאניען־בוים א פייער אנגעצונדען, אום קאסטאניען צו בראטען און זיי גאנץ הייס זיצענדיג אויפ'ן גראז אויפצועסען.

יעדר איינער פון אונז האט צוזאמענגעשלעפט בלעטער, צווייגען און פאפיער, אום דעם פייער צו נעהרען, אבער די בלעטער, די צווייגען און דער פאפיער זיינען פון דעם רעגען דורכגענעצט גע־וועזען, און ערשט נאך פיעל מיה און געדולד איז עס אונז געלונגען

די בלעטער אָנצוצינדען, מיר האָבען אָבער געהאַט מעהר רויך אַלס פייער.

יעדער איינער פון דער געזעלשאַפט האָט זיין מעגליכעס געטהאָן, אום דעם שוואַכען פייער גרעסער און שטאַרקער צו מאַכען. ליעגענדיג אָדער שטעהענדיג ארום פייער, האָבען איינינע מיט פולע באַקען אין די צאַנקענדע און אָבשטאַרבענדע פונקען געבלאָזען, אום די פלאַמען אויף די נאַסע בלעטער און צווייגען צו טרייבען, אַנדערע האָבען געזוכט מיט זייערע קערפּערס דעם פרעכען ווינד צו פערשטעלען, כדי ער זאָל דעם שוואַכען פייער ניט אויסלעשען, אָבער אַלע פעראייניגטע קרעפטען האָבען קיין ערפאָלג געבראַכט.

דער רויך האָט אַלע ווייַלע זיינע קאָלירען געוועקסעלט, באַלד איז ער געווען בלוי, באַלד ווייס, אָבער בייטענדיג זיינע פאַרבען, האָט ער ניט אויפגעהערט לעסטיג און אונערטרעגליך צו זיין. קריכענדיג אין די אויגען, האָט ער פון דאָרטען בעך טרעהרען צוריקגעבראַכט, און אז ער האָט אריינגעשפּאַציערט אין מויל, האָט ער א שטאַרקען הוסטען אויפגערייצט.

אין איין מאָמענט, אין וועלכען דער פרעכער ווינד האָט זיין אָטעם איינגעהאַלטען, האָט זיך עפּעס וואָס רויטעס אונטער די בלעטער און צווייגען געצייגט, און דאָס איז פאַר די אָפּטימיסטען גענוג געוועזען, אום הויך־ערפרייט „זיעג!" אויסצורופען, אויף וואָס די פּעסימיסטען האָבען מיט ביטערער איראָניע געענטפערט: „נאָך לאַנג צו וואַרטען, ביז דער זיעג וועט קומען!"

באַלד אָבער איז דער רויך ווידער געקומען מיט זיין גאַנצער לעסטיגקייט, אונפערבעסערליכקייט און אונערטרעגליכקייט; נאָך א שטונדע שווערער מיה מיט פעראייניגטע קרעפטען און מיט אָהנמעכטיגען העראָאיזמוס, האָט מען איינגעזעהען, אז מען וועט ניט האָבען קיין פייער און קיין געבראָטענע קאַסטאַניען.

אַלס מען האָט צוזאַמענגענומען די שירים, וואָס זיינען פון די שפּייזען איבערגעבליבען און די כלים, אום צוריק אהיים צו וואַנדערען, און איידער מיר זיינען פון באַרג ארונטערגעגאַנגען, האָבען מיר אַלע עפּעס ווי נאָר ניט ווילענדיג צוריקגעקוקט אויף דעם פּלאַטץ, אויף וועלכען מיר האָבען אזוי פיעל מיה פערלאָרען,

אום א פייער אויף יענעם אָרט אויפצובלאָזען, און ד פּעסימיסטען האָבען אויסגערופען:

— נאָך אַלץ נישט מעהר ווי רויך!

*

און ווייסט, מיין ליעבע עממא, ווארום איך האָב דיר די פּאַסירונגען פון יענעם פּיקניק אַזוי אויספיהרליך און געטריי געשילדערט? איינציג און אליין אום דיר צו זאָגען, האָס דער ברומיגער מאַן איז מיט זיין גאַנצען וועזען און מיט זיין גאַנצער נאַטור א געטרייע קאָפּיע פון יענעם פייערל, וועלכען מיר האָבען ביי יענעם פּיקניק געזוכט אָנצוצינדען און פאַנאַנדערצובלאָזען, און וואָס האָט אונז אָנשטאַט פייער נאָר רויך געגעבען.

דו קענסט געגען א ברומיגען מאַן אַזוי אָפּטימיסטיש, אַזוי העפליך און אַזוי נאַכזיכטיג זיין ווי דו ווילסט, ער וועט דאָך אימער געפינען וואָס צו קריטיזירען, שטענדיג געפינען עפּעס א גרונד צו בעקלאָגען און צו בעיאָמערען.

אַז דו מאַכסט איהם צו זיין געבורטס־טאָג, אָדער צו אַן אַנדער געלעגענהייט א פרייליכען סורפּרייז מיט עפּעס א פיינעם געשאַנק, קראַצט ער מיט פערדראָסענהייט זיין קאָפּ, מאַכט א זויערע מינע און רופט אויס:

— איך ליעב ניט די איבערראַשונגען!

אָדער ער ענטפערט דיר מיט אָפענעם כעס:

— וואָס דיר קען קומען אין די געדאַנקען! ביי היינטיגע שווערע צייטען איז אַן איבריגע הוצאה א זינד און פאַר דעם צוויי־פעלהאַפטען פערגניגען מוז מען טהייער בעצאָהלען! —

דו האָסט דעם פייער פון ליעבע געוואָלט אויפבלאָזען און ער ענטפערט דיר מיט ר ו י ך!

און ביים טיש, ווען מ אָ ג ע ן און ה אַ ר ץ זיצען נאָהענט איינס נעבען דעם אַנדערען, אום איינע פון די בעסטע דועטען פון דער וועלט צו זינגען, ווען דו זעהסט מיט פרייד און מיט נחת ווי דיינע קינדער בעוואפענען זיך מיט די לעפעל און מיט גאָפּעל און מעסער, אום דעם לוסטיגען קאַמפּף מיט דער שיסעל זופּ און מיט דעם פיינעם בראַטען אָנצופאַנגען — דאַן געפינט אויס דער ברומיגער מאַן, אַז די וואַסער־פלאַש שטעהט ניט אויף איהר ריכ־

טיגען פלאַץ און דאָס די זופּ איז צו פיעל אָדער צו וויניג געקאָכט.

דאָס איז דער „רויך“ אין דעם פערהייראַטען לעבען!

איהר געהט שפּאַציערען, אום עטוואָס פרישע לופט איינצו־אָטמען. דו ביזט גוט אויפגעלייגט, מונטער, ווייל דו פיהלסט זיך גוט, ווייל דיינע קינדער זיינען געזונד, גוט געקליידעט און פרייליך. דו היינגסט זיך אָן אויף דעם אָרעם פון דיין ברומיגען מאַן און זעהסט גאָר ניט ווי ער, גלייך ווי ער איז פון הויז ארויסגעגאַנגען, האָט שוין אַ גרויסען וואָלקען אויפ'ן הימעל ענטדעקט און זאָגט נביאות:

— וואָרום האָסט דו דעם שירם ניט מיטגענומען? וואָרום האָט זיך דיר פערגלוסט גראָדע איצט שפּאַצירען געהן. עס וואָלט דאָך בעסער געווען דעם שפּאַציער אויף מאָרגען, אָדער אויף אַן אַנדער טאָג אָבצולייגען!

און די גאַנצע צייט וואָס דער שפּאַציער געדויערט, הערט ער ניט אויף צו ריידען פון דעם וואָלקען, כאָטש דער הימעל האָט זיך שוין לאַנג וויעדער אויסגעלייטערט, דער וואָלקען איז דער איינ־ציגער געגענשטאַנד פון זיין לאַנגווייליגען געשפּרעך.

איז דאָס ניט „רויך“?

און דו זאָלסט זיך היטען דעם ברומיגען מאַן מיט אַ ליעבענדען וויטץ, מיט אַ לוסטיגען קאַטאָוועס'ל צו ענטוואָפנען! דו וועסט האָבען דעם זעלביגען רעזולטאַט, וועלכע די געזעלשאַפט האָט געהאַט מיט דעם פייער מאַכען ביי יענעם פּיקניק: וואָס מעהר מען האָט געבלאָזען, אַלץ מעהר רויך האָט מען געהאַט.

דער ברומיגער מאַן האָט אייביג ביטערקייט אין זיין מויל און ער פיהלט אַ נאַטירליכע בעדירפניס די דאָזיגע ביטערקייט אויס־צושפּייען. ווען דו לייגסט איהם אריין אין מויל אַ שטיק צוקער, ווערט דער צוקער פערגיפטעט, ווייל זיין ביטערקייט איז פּונקט ווי חינין, וועלכען מען קען מיט קיין זאַך ניט פערזיסען.

און ווען ער פערשליסט זיין מויל, אום ניט אויסצושפּייען, זאַמעלט זיך אָן די ביטערקייט אין זיין מויל, זי לייגט זיך צוזאַמען אין זיין האַלז אין אַ האַרטען קערפּער, און דאַן בעקומען מיר אָרעמע מענשען אָנשטאַט אַ שפּיי — אַ קויל, וואָס האָט זיך צוזאַמענגע־לייגט פון יענעם מאָראַלישען שמוץ, וואָס זונדערט זיך אָב פון אַ

לעבער, וואָס ליידעט פון געלב־זוכט און פון א קראַנקען געהירן.

גאָט און זיין השגחה און דאָס גליק זאָלען דיך, מיין ליעבע עממא, בעוואהרען פון א ברומיגען מאַן !

ווען דו שלאָפסט, איז ער א פלוי, אָפטער — א וואנץ. די קענסט זיי צוקוועטשען, אָבער אויך נאָך זייער טויט טראָגט דיין האַנד זייער עקעלהאפטען געשטאַנק.

ווען דו לעזסט, איז ער א פליעג, וועלכע, וואָס מעהר מען טרייבט זי פון זיך, אלץ אָפטער קומט זי צוריק, אום דיך צו בע־לעסטיגען.

ווען דו ביזט פריילין, איז ער דער גלאָק, וואָס קלינגט נאָך א טויטען.

ווען דו ווילסט עפּעס וואָס דענקען, איז ער די קאַטערינקע, וואָס שטעהט אונטער דיין פענסטער און גרינצעלט דיר א מאַנאָטאָנע מעלאָדיע.

ווען דו צולאכסט זיך פון עפּעס וואָס, אָדער דו זאָגסט עפּעס וואָס צום שפּאַס, איז ער שוהל־לעהרער, וואָס ווייזט דיר די רוט, אום דיר צום שווייגען צו ברייגנען.

און אז דו ווילסט שווייגען, פּלוידערט ער דומהייטען אָהן אַן אויפהער, האָגעלט מיט פוילע וויצען, און איז בייז ווען דו העלפסט איהם ניט מיטלאכען.

ווילסט דו דיך אָבקיהלען, וויקעלט ער דיך איין אין א פּעלץ. ווילסט דו דיך דערוואַרימען, בלאָזט ער דיר אין געזיכט. ער הייסט דיר שטיל געהן, ווען דו געהסט, און צווינגט דיר צו געהן ווען דו ווילסט רוהען.

דער ברומיגער מאַן איז א פלוי, א וואנץ, א פליעג, א טויטען־גלאָק, א קאַטערינקע, א שוהל־לעהרער, א פּלוידערזאַק, א שטענדיגע לאַסט פאַר דער פרוי, מיט איין וואָרט: אַן אונגליק, און נאָך מעהר אלס אַן אונגליק, ווייל ער איז אונערטרעגליך.

ער איז דער לעבעדיגער, דער אייביגער רויך, פון וועלכען עס ברעכט אוים אין הויז דער פייער פון גיהנום.

* * *

## דער קאַרגער מאַן.

די קאַרגקייט איז אַ פעהלער, וועלכען עס איז זעהר שווער ביי דעם חתן צו ענטדעקען, און ווייל דער דאָזיגער פעהלער וואַקסט ביי איהם מיט די יאָהרען. דאַרום, מיין טאָכטער, האַלט ווייט אָפען די׳ינגע אויגען, אום איהם ביי דעם חתן וואָס פריהער אויסצו־געפינען.

דער חתן, דער פערעהרער, איז אימער פרייגעביג, אַלץ איינס צי ער איז פערליעבט אָדער ניט. האָט ער דיך ווירקליך ליעב, ווען זיין וואונש איז מיט דיר צו הייראַטען, לאָזט ער ניט אויס קיין געלעגענהייט, אום דיר עפּעס אַ מתּנה צו ברייגגען, ווייל ער וויל דיר מיט דעם ווייזען, דאָס ער איז וואָהלטהעטיג. עס קען זיין, אַז מאָרגען וועט ער הרטה האָבען אויף דעם וואָס ער האָט זיך פון דיינטוועגען עפּעס וואָס געלאָזט קאָסטען, אָבער ווען ער איז אין דיין געגענוואַרט, אנטלויפט די האַרטקייט זיינע, אָדער זי פער־באָרגט זיך, און עס שיינט דיר, אַז ער איז אַ פרייגעביגער, זאָגאַר אַ פערשווענדערישער מענש.

אין פאַל אָבער ווען ער ליעבט דיך ניט, און ער וויל מיט דיר הייראַטען נאָר ווייל ער ווייס, אַז דו האָסט פיעל געלד אַלס נדן, האָט ער נאָך מעהר אורזאַכע, אום זיך דיר אַלס פרייגעביגער מענש ארויסצוצייגען. עס איז איהם דרינגענד נויטיג די פּוסטקייט פון זיין האַרץ פון דיר צו פערבאָרגען און דעם מאַנגעל פון ליעבע מיט די בלומען פון פרייגעביגקייט אויסצופילען. די בלומען, וועלכע ער קויפט אין דעם בלומען מאַגאַזין, אָדער יענע, וועלכע וואַקסען אין זיין אייגענם גאָרטען, זיינען דאָך אין זייער פאַרב און אין זייער צראָמאַט איינע פון די אַנדערע מיט קיין זאַך ניט פערשידען, און זיי קאָסטען איהם זעהר ביליג, און די דאָזיגע ביליגקייט לאָזט איהם ערשיינען אַלס פרייגעביגען מענשען.

אַלזאָ, מיין טאָכטער, דער בעווערבער, אָדער דער חתן, איז אימער אַ פרייגעביגער דזשענטעלמאַן נאָך דעם נאָך אָדער ער איז עס אין דער ווירקליכקייט, און ו ו י דאָס צו קענען, איז זעהר שווער.

עס איז אמת, אז ביי פריינד, ביי דער דיענערשאפט און ביי דער עפענטליכער מיינונג קענסט דו זיך ערקונדיגען איבער זיין כאראקטער; אבער דאס איז א געפעהרליכע אונטערנעהמונג און גיט דיר קיין ריכטיגען רעזולטאט. איך האב דעם „ווארום“ קיינמאל ניט געקענט אויסגעפינען, אבער עס איז א בעוויזענער פאקט, דאס די ערקונדיגונגען, וועלכע מען זאמעלט איבער דעם ווערטה פון א מאן, אדער א פרוי, זיינען כמעט שטענדיג אונזיכער אדער פאלש, אין בעסטען פאל, זיינען זיי ווידערשפרעכענד. אלע, ביי וועלכע מען זוכט זיך צו ערקונדיגען, האבען מורא דעם אמת צו זאגען, ווען די ווארהייט איז העסליך. אנדערע זיינען מקנא דאס גליק פון דער בעטרעפענדער פערזאן, דארום איבערטרייבען זיי די פעהלערען פון דער בעטרעפענדער פעראן, אדער זיי שרייבען זיי צו פעהלערען, וועלכע זיי האבען גאר ניט. אונטער אלע סאציאלע טוגענדען איז דער בירגערליכער מוטה דער זעלטענסטער, און אום די מוטער, אדער דעם פאטער, וואס ערקונדיגען זיך איבער א האנד־בעווערבער, אפען צו זאגען: „מיין ליעבער פריינד, יענער מאן, איבער וועלכען איהר פרעגט זיך נאך, איז א שווינדלער, א גנב, אן אידיאט, אדער א פוסט־און־פאסניק“, דארפען זיי האבען מוטה, וועלכען זיי האבען ניט.

דארום, מיין טאכטער, מוזט דו דעם גייציגען, אדער יענעם, ביי וועלכען די גייץ־זוכט האלט זיך אין ענטוויקלען, מיט דיינע אייגענע אויגען און נאר מיט דיין אייגענער קראפט ענטדעקען.

מיין לאנגע ערפאהרונג האט מיר אויף דעם דאזיגען געביעט פאלגענדעס געלעהרט:

דער קארגער, אדער דער קאנדידאט אויף קארגשאפט, אונטער־שטרייכט אימער, אפילו אין די איינפאכסטע און קעלטעסטע גע־שפרעכען, אלע ווערטער און אלע ציפערען, וועלכע בעציהען זיך אויף געלד, קאפיטאל און רייכטום אין אלגעמיין און אויף זייערע פערשיעדענע פארמען.

פאר איהם זיינען געלד, טאלערס, רענטען, גאלד, זילבער, קא־פיטאל און פראצענטען פון קאפיטאל ה י י ל י ג ע  ו ו ע ר ט ע ר, וועלכע ער רעדט ארויס פון זיין מויל אפשר גאנץ אונבעוואוסט,

אָבער אין דעם טאָן, מיט וועלכען ער רעדט זיי ארויס, הערט מען תמיד די פעררעטענע בעוועגונג.

וויפיעל פערמאַסקירטע, געהיימניספולע און מעכטיגע פּסיכאָ־לאָגיע זיינען פערבאָרגען אין דעם טאָן, מיט וועלכען מיר ברייננגען ארויס די ווערטער!

ווי אָפט האָב איך ענטדעקט א ליעבע, וואָס איז געלעגען טיעף פערבאָרגען אין די טיעפסטע קנייטשען פון א נשמה, נאָר דורך דעם נאָמען פון א מאַן, אָדער א פרוי, וועלכען דער מויל האָט ארויסגערעדט!

דאָס געשפּרעך האָט זיך גאַנץ לוסטיג, אָהן צוזאמענשטויסונגען און אָהן ערשיטערונגען וויטער געצויגען, אָבער די שטימע, וועלכע האָט יענע נעמען געדאַרפט פעררעטהען, איז מיט איינמאַל שוואכער געוואָרען אויף א טאָן אָדער צוויי טענער, האָט לייכט געציטערט, אָדער פערקעהרט זיך אויפגעהויבען מיט אונגעצוואונגענע שפּרונגען, מיט דער אבזיכט דאָס ציטערען צו פערבאָרגען, מיט וועלכע דאָס הארץ האָט יענעם ליעבען וואָרט בעגלייטעט.

און דאָס, וואָס דאָס געליעבטע וועזען איז פאַר דעם ליעבענ־דען, איז דאָס געלד פאַר דעם קארגען.

הער זיך גוט צו און בעטראַכט איהם מיט אויפמערקזאמקייט, מיין ליעבע עממא, ווען דער פרייער, אָדער דער התן רעדט ארויס דאָס וואָרט „מיליאָן", אָדער „מיליאָנער"!

ווען ער רעדט ארויס די דאָזיגע צוויי ווערטער, ווערט ער אויפגערעגט, ער הויבט אויף זיין קול, בלאָזט אויף זיינע באקען און די ווערטער קלינגען אין דיינע אויערען ווי פּויקען און טראָמ־פּעטען בעגלייטעט פון אויסרופונגס און בעוואונדערונגס־צייכענס.

געלד איז זיין גלויבען, רייכטהום איז זיין העכסטע גאָטהייט, זיין געלד־שראַנק איז זיין הייליגסטער טעמפּעל. אויף דעם מזבח פון דעם דאָזיגען טעמפּעל, איז ער מקריב זיין ווילען, זיין הארץ, זיין געוויסען. אָבער די ערשטע קרבנות, וועלכע ער לאָזט מיט א גרינגען הארצען פערברענט ווערען אין דעם פייער פון דעם דאָזיגען טעמפּעל, זיינען על פּי רוב זיין פרוי, זיינע קינדער, זיינע נאָהענטע פערוואַנדטע און זיינע בעסטע פריינד. נעהרען נעהרט זיך דער

פייער אויף דעם דאָזיגען מזבח דורך זיין אייגענעם ברען־מאטע־ריאל, און דאָס זיינען: גנבה, גזלה, רציחה און שווינדעל.

האָסט דו ווען געזעהן, מיין ליעבע עממא, מיט וועלכע עהר־פורכט און מיט וועלכע היילינע בעגייסטערונג דער וואהרער גלוי־ביגער רעדט פון גאָט? דער גייציגער מענש רעדט מיט דערזעל־ביגער עהרפורכט און היילינער בעגייסטערונג פון געלד און רייכ־טהום, און ווי שעהן דער גלויביגער איז אין יענעם מאָמענט, אזוי העסליך און עקעלהאפט איז דער גייציגער אין דעמזעלביגען מאָ־מענט.

און וואָס ליעגט פערשטעקט הינטער דער דאָזיגער עהרפורכט און היילינע בעגייסטערונג? — א מיליאָן! דער טעגליכער און נאכטליכער טרוים פון פיעלע מיליאָנען צוויי־פיסיגע חיות, דער קיטצעל פון אזוי פיעל ארבייטער אין דער גרויסער מענשליכער ווערקשטאַט, די זון, ארום וועלכער עס דרעהען זיך צעהנדליגע טוי־זענדער פלאנעטען און פלאנעטלאך, דער גאָט מאַממאָן, וועלכען מיליאָנען מענשליכע וועזען זיינען מקריב זייער געמיינהייט, זייער גייסט, זייער עהרע און אלע בעסערע געפיהלען פון א זוהן, פון א פאָטער און פון א בירגער.

און וואָס ליעגט פערשטעקט הינטער דער דאָזיגער עהרפורכט און היילינע בעגייסטערונג? א מיליאָן איז א מ י ל י אָ ן!

*

אן אנדערער צייכען פון געלד־גייציגקייט, א כאראַקטעריס־טישער צייכען, איז די ליעבליכקייט און צערטליכקייט, מיט וועל־כער דער גייציגער בעטראַכט, אָדער בעריהרט א גאָלדשטיק, אָדער אן אסיגנאַציע — אלץ איינס צו ער דארף מיט דעם א קליינע רעכ־נונג בעצאָהלען, אָדער איבערצוצייהלען א גרויסע סומע.

— ער בעהאַנדעלט דאָס געלד ניט ווי אן אנדער געגענשטאַנד, ער בעהאנדעלט עס מיט א ליעבענדען רעספעקט, מיט א צערטליכע פרומקייט. די מטבע שטעלט איהם פאָר דאָס העכסטע פון אלע הייכקייטען, דאָס קרעפטיגסטע פון אלע קרעפטען, און ווען ער זאָל זיך ניט דארפען שעהמען פאר מענשען, וואָלט ער פריהער זיין הוט אראָבגענומען, איידער ער נעהמט די מטבע אין האנד. אנשטאָט דעם לאָזט ער די גאָלדענע מטבעות דורך זיינע געקרימטע פינגער

צוזאמענקלינגען, פּונקט ווי ער וואָלט מיט דעם די מטבע אָדער די אַסיגנאַציע געגעבען זיין לעצטען פערליעבטען גרוס פול צונייגונג און בעדויערען, וואָס ער דאַרף זיך פון זיי שיידען.

ווען איך וואָלט געווען אַ גרויסער מאַלער, וואָלט איך געמאַכט צוויי בילדער און וואָלט זיי אַוועקגעשטעלט איינע געגען די אַנדערע.

אויף ביידע בילדער וואָלט איך אויסגעמאָלט איינעם און דעמ־זעלביגען גייציגען מאַן, אָבער אויף איין בילד ווי ער צאָהלט געלד, וועלכע ער דאַרף בעצאָהלען, און אויף דעם צווייטען בילד — ווי ער צעהלט דאָס געלד, מיט וועלכען מען האָט איהם בעצאָהלט.

און אונטער די בילדער וואָלט איך אויף דעם ערשטען אויפ־געשריעבען: „ער צאָהלט!" און אויף דעם צווייטען: „ער ווערט בעצאָהלט!"

און איך פערזיכער דיך, מיין טאָכטער, דאָס אין די דאָזיגע בילדער וואָלט איך געקענט אַזוי פיעל מענשען אויסמאָלען, דאָס אויסער די בילדער וואָלטען זעהר ווייניג מענשען געבליבען.

*

ווען דער קאַרגער זעהט עפּעס אַ שעהנעם געגענשטאַנד (ווען דאָס איז אַפּילו אַ קונסט־געגענשטאַנד), ערקונדיגט ער זיך באַלד, וויפיעל דער געגענשטאַנד האָט געקאָסט, אָדער ער פרעגט זיך זעלבסט וויפיעל ער קען קאָסטען, ווייל פון יעדען ווערטה וועלכען דער אָדער יענער געגענשטאַנד בעזיצט, איז פאַר איהם נאָר דער פּרייז דאָס אינטערעסאַנטעסטע.

די פּראָבלעמען פון לעבען, אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגען, אַלע צווישענפעלע און צופעלע פון איינצעלנע מענשען און פון גאַנצע נאַציאָנען, זיינען פאַר דעם גייציגען מענשען מיט דער געלד־פראַגע אונטערגעפּוטערט און דאָרט, אויף דעם דאָזיגען אונ־טערשלאַק, בלייבט זיין אויג רוהען, אַהין ריכטעט ער זיינע בליקען און געדאַנקען.

— וואָס פאַר אַ שעהנע מיידעל! — רופט איינער אויס אין דער געזעלשאַפט פון דעם קאַרגען.

און דער קאַרגער פאָהרט באַלד אַרויס מיט דער בעמערקונג:

— און זי האָט דריי מאָל הונדערט טויזענד לירע נדן!

אָדער ער הערט ווי איינער דערצעהלט דעם אנדערען, דאָס זיינער א בעקאַנטער האָט א שטעלע בעקומען.

און דער קארגער קומט באַלד מיט זיין קאָמענטאר:

— אָבער זיין געהאַלט איז נ אָ ר דריי טויזענד יעהרליך!

דער סאָציאַליזמוס איז פריהער פאר אַלץ די קנאה אויף דאָס געלד פון אנדערע מענשען. רעוואָלוציאָנען ווערען געמאכט, אום נאָר די רייכטהימער פון איין פּלאַץ אויף אַן אנדערען איבערצוטראָגען.

*

מיין קינד, דו זאָלסט ניט הייראטהען א געלד־גייציגען מאַן!

דו מוזט בעדענקען, אַז דיין פריינד, אָדער דיין חתן, כאָטש ער איז נאָך א יונגער מאַן, און דו האָסט שוין אין איהם געוויסע שפּורען פון קארגקייט ענטדעקט, דארפסט דו זיך פאָרשטעלען, ווי קארג ער וועט שוין זיין מיט זיינע ערשטע גרויע האָאר אויפ'ן קאָפּ, ווען די שפּאָרזאַמקייט איז די נויטהווענדיגע פערטהיידיגונג געגען דאָס דראָהענדע אַלטקייט, ווען אויף די זאָרגלאָזע מענשען ווערען פיעל פאָרזיכטיגער מיט דעם געלד אויסגעבען.

די גייציגקייט איז איינע פון די ניעדריגסטע מענשליכע אייגענשאפטען, און איינע, וואָס פערברייטעט איהר טרויעריגען איינפלוס אין די ווייטעסטע קרייזען, אַן איינפלוס, וואָס מאַכט ערקאַלטען אַלעס, וואָס ער בעריהרט, מאַכט אַלעס אונפּרוכטבאר און פערוואַנדעלט אַלעס אין א מומיע.

איך שטעל מיר פאָר דעם גייציגען אַלס א מענשען, וואָס האַלט א ראָסטיגע שער אין זיין האַנד, מיט וועלכער ער איז שטענדיג בערייט יעדען צווייג אָפּצושניידען, וואָס וואַקסט אויף דעם לעבענס־בוים, און יעדע בלום פון בעגייסטערונג, וואָס וואַקסט אויף די בעיטען פון יוגענד און גליק, צו פערניכטען.

די גייציגקייט איז א בלוט־אָרעמע און סקראָפּולאָזע ליידענשאַפט, וועלכע נעהרט זיך פון די צוויי ווערטער: „ווען" און „אָבער", א ליידענשאַפט, וועלכע לעשט אויס אַלע פלאַמען פון דער פּאָעזיע און שליסט צו אַלע פענסטער פאר מורא דאָס די וואַרעמקייט פון אויווען זאָל ניט פערלאָרען געהן; דער גייציגער איז א בעשעפענים, וואָס פאָר מורא פאר דער זינד, מאַכט ער זיך זעלבסט

פאַר אַ קריפּעל, אַ כראָנישע און אַ פּריוואילעגע אויסצעהרונג פון זיין הארץ, פון זיינע מוסקעלען און פון זיין געהירן, אַ שרעק פאַר זיך זעלבסט און אַן עקעל פאַר זיינע מיטמענשען.

טאָכטער מיינע זאָלסט קיינמאָל ניט הייראַטהען מיט אַזאַ בעשעפּעניס!

## דער אויסגעלאַסענער מאַן.

די אַרט און ווייזע מיט וועלכע די היינטיגע געזעלשאַפט ערציעהט איהרע טעכטער, איז ניט נאָר אַ פערדאָרבענע, זי איז אויך אַבזיכטליך אַ פאַלשע, אַ היפּאָקריטישע. מען לערנט די טאָכ־טער פרעמדע שפּראַכען, וועלט־געשיכטע, געאָגראַפיע, מוזיק, מאַ־לעריי און נאָך פיעלע וויסענשאַפטען, וועלכע האָבען פאַר איהר קיין נוצען און קיין צוועק אין איהר קינפטיגעם לעבען, און דאָס וויכטיגסטע, דאָס נויטווענדיגסטע און נוצליכסטע פערשליסט מען פון איהר מיט טויזענדע שלעסער. מענשענקענטניס, אָדער בעסער געזאָגט: די נאַטור און דעם כאַראַקטער פון מענשען צו דערקענען, בלייבט זיי גאַנץ אונבעקאַנט אויף דאַן ווען זיי זיינען שוין פאָל־קאָמען צייטיג, ווען די טאָכטער האָט שוין איבערגעטראָטען דעם שוועל, וואָס ליעגט צווישען דער אונצייטיגע מיידעל און דער צייט־טיגער פרוי.

דאַרום מוז איהר אונבעקאַנט בלייבען די ריכטיגע בעדייטונג פון דעם וואָרט „ליבערטין"*), און ביי דער געלעגענהייט עראינער איך מיך, ווי ביי אַ געשפּרעך, אַלס מען האָט פון אַן אויסגעלאַסענעם מאַן גערעדט און מען האָט איהם „ליבערטין" אָנגערופען, האָט די טאָכטער פון יענעם הויז פּלוצלונג אַ פרעג געטהאָן:

— וואָס איז אַ ליבערטין?

דער איבעראַשטער מאַמען פון דער טאָכטער איז מיט איינ־מאָל איינג געוואָרען אין מוח. זאָגען דער טאָכטער וואָס אַ ליבער־טין איז אין דער ווירקליכקייט, האָט זי מורא געהאַט, און אום צייט

*) ליבערטין — אַן אויסגעלאַסענער מאַן.

צו געווינען, האט זי א היבשע ווײלע געהוסט, ביז עס איז איהר איינגעפאלען דער פאלשער ענטפער:

— א ליבערטין איז א ל י ב ע ר א ל ע ר מאן.

אבער דו, מיין ליעבע עממא, דו ביזט גאנץ אנדערש ווי אלע אנדערע פון דיינע חבר'טעס ערצויגען, און כאטש דו ביזט אונשולדיג ווי א יונגע טויב, ווייסט דו זעהר גוט, וואס א ליבערטין איז.

אבער דאך, ווען דער יונגער מאן, וואס זוכט דיין ליעבע צו ערווערבען און וויל דיך הייראטהען, איז א ליבערטין, וועט דיר זעהר שווער זיין דעם דאזיגען שווערסטען און העסליכסטען פון אלע פעהלערן אין איהם צו ענטדעקען, ווייל מיט אלע קונצען און מיטלען פון א געשיקטען היפאקריט וועט ער זוכען דעם דאזיגען פעהלער פון דיר צו פערבארגען. דארום וועט עס פאר דיר גוט זיין, ווען איך וועל דיך לערנען, אן וועלכע כאראקטער־שטריכען דו וועסט איהם קענען דערקענען.

שארף דיין אויער און שפאן אן דעם בויגען פון דיין אויפמערקזאמקייט, ווייל די ליבערטינס זיינען תמיד זעהר סימפאטישע מענשען און די פרויען זיינען תמיד געניינט זיי פאר רייצענד צו געפינען און זיי צו ליעבען.

און דאך זיינען זיי די שלעכטסטע מענער פאר זייערע פרויען און אויך זעהר שלעכטע פאטערס פאר זייערע קינדער. א ליבערטין זעהט אין זיין ווייב, ווי ער זעהט עס אין א ל ע פרויען, נישט מעהר און נישט ווייניגער נאר דאס ו ו י י ב, און ער ליעבט זי, בעסער געזאגט: ער פערלאנגט זי זא לאנג זי איז יונג און שעהן, און פעראכטעט זי גלייך ווי דער ערשטער שנעע פאלט אויף איהר קאפ, אדער דער ערשטער קנייטש ענטוויקעלט זיך אויף איהר געזיכט.

אלע ליבערטינס האבען איינע און די זעלביגע מיינונג פון די פרויען, וועלכע זייער א קאלעגא האט זיפצענדיג אין א געוויסען טאג פאר זיי אויסגעשפראכען:

— ווארום קען מען זיך ניט שיידען פון א פרוי, ווען זי ווערט פערציג יאהר אלט, אום אויף איהר פלאץ צוויי צוואנציג־יאהריגע צו נעהמען? קען מען דען ניט אויסבייטען אן אסיגנאציע פון

פופציג לירע אויף צוויי אסיגנאציעס יעדע צו פינף און צוואנציג לירע?

*

דער יונגער ליבערטין, וואָס זוכט דיין ליעבע צו ערוועבען און וויל דיך הייראטהען, קוקט דיך אָן מיט פייערדיגע אויגען גלייך אין פּנים אריין אָהן א שום מורא, און כמעט אימער צווינגט דיך זיין בליק דיינע אויגען ארונטערצולאָזען און רויט צו ווערען.

ער בעגנוגט זיך ניט מיט דיר קוקען נאָר אין פּנים אריין, זיינע אויגען וואנדערען אום ארויף און אראָב, פון קאָפּ ביז די פיס, זיי אומקלאמערען דיין קערפּער אין גאנצען און דו פיהלסט זיך דערפון אזוי בעליידיגט און געקריינקט, פונקט ווי ער וואָלט דיר אונפּאַ־סענדע און פרעכע ווערטער געזאָגט:

זעהר א שעהנע און אן אנשטענדיגע דאמע האָט אמאָל צו מיר געזאָגט:

— איך קען מיר דאָס נאָר ניט ערקלערען, אָבער ווען דער מארקיז ר. שטעלט אויף מיר אָן זיינע אויגען, קומט עס מיר פּאָר אזוי ווי איך וואָלט געווען א נאקעטע און אלע ווײלע מוז איך זעהן, צו טראָג איך קליידער אויף מיין קערפּער...

דער מארקיז ר. איז ווירקליך א גרויסער ליבערטין.

אָבער דיך נאָר אָנצוקוקען איז דעם יונגען ליבערטין צו־ווייניג. יעדען אויגענבליק געפינט ער אן אנדער אויסרייד, אום דיין קלייד, אָדער דיין פּוס, צו בעריהרען. ער געפינט אימער, דאָס איינע פון דיינע האָאָר־לאָקען זיצט ניט אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ, און ער איז אזוי „גאלאנט" און „פריינדליך" דיין האָאָר־לאָקע אין אָרדנונג צו ברייננגען.

ווען ער דריקט דיר די האנד, האלט ער זי צו־לאנג אין זיין האנד, גלעט זי צערטליך און דריקט זי, און דו מוזט רויט ווערען.

די זעלביגע דאמע האָט מיט א קורצע צייט צוריק צו מיר געזאָגט:

— איך זוך שטענדיג דעם האנד־דרוק פון דעם מארקיז ר. אויסצומיידען. ער קומט מיר פאָר מיט זיין גאנצעם וועזען ווי א לעבעדיגער שטיק פון בעליידיגונג.

אויך זאָלסט דו זיך גוט צוהערען צו זיין געשפרעך, וועלכען ער פיהרט מיט דיר.

ער וועט דיר מעהר אלס איינמאָל בלומרשט גאַנץ אונשולדיג געשיכטען דערצעהלען, אָבער ער וועט זיי מיט אויגענפינטלען און מיט שפּאָטישע שמייכלאך אונטערברעכען מיט דעם איינציגען צוועק דו זאָלסט גלויבען, דאָס ער זאָגט דיר ניט אַלעס, וואָס ער וואָלט דיר געקענט זאָגען, און ער מאַכט דאָס אזוי, דאָס דו זאָלסט בעגרייפען אויך דאָס, וואָס ער האָט דיר ניט געזאָגט.

דו וועסט איהם ניט פערשטעהן, אָבער ער רעדט ווייטער און געוויסע ווערטער שטרייכט ער אונטער מיט א וואונק פון זיינע אויגען און מיט א בייזען שמייכעלע.

דו פערשטעהסט איהם ניט, אָבער דער וואונק פון זיינע אויגען און זיין בייזער שמייכעלע ענטהאַלטען אין זיך די נידריגסטע זאַכען־הייט, און זיינען אין דער מאָראַלישער וועלט א ווירקליכע בעליידיגונג אויף דער מענשליכער זיטזאמקייט.

ווען דו געהסט מיט איהם בעזוכען אן אויסשטעלונג פון בילדער, וועסט דו זעהן, ווי ער בלייבט אימער שטעהן ביי א בילד, וואָס שטעלט פאָר א וויינינג־פערקליידעטע פרוי, אָדער א ווענוס אָהן א העמד, און דו וועסט זעהן ווי ער וועט דיך מיט זיינע פייערדיגע און בייזע אויגען אויפפאָדערען יענעם בילד צו בעטראַכטען און צו בעוואונדערען.

ווען ער ברייננגט דיר א בוך צום לעזען, וועסט דו אין איהם געפינען א צייכען אויף א בלאַט, אויף וועלכען א הייסע ליעבעס־סצענע ווערט בעשריבען, אָדער ער וועט זיך ניט פוילען דיר די דאָזיגע סצענע פאָרצולעזען און דערביי וועט ער דיר די סצענע מיט בעזונדערע פרעכע בליקען קאָמענטירען.

*

עס קען דיר אויך פאָלגענדעס פּאַסירען:

דיין יונגע קאַמער־מיידעל קומט אריין צו דיר אין סאַלאָן און מעלדעט דיר דעם בעזוך פון דיין פרייער, אָדער דיין חתן.

— ער איז מיר ווילקאָמען! — ענטפערסט דו דיין קאַמער־מיידעל.

אָבער אין דעם אויגענבליק, אין וועלכען דו גיבסט איהר דיין

ענטפער, האָסט דו דיין קאַמער־מיידעל אָנגעקוקט און בעמערקט דאָס זי איז אונגעוועהנליך רויט און אויפגערעגט.

אַ מאָמענט שפּעטער ליגט דאָס דיר מעהר ניט אין די געדאַנקען, אָבער אין עטליכע טעג אַרום מאַכט דיר דיין פּרייער וויעדער אַ בעזוך, און ווען דיין קאַמער־מיידעל קומט צו ־־ר אַריין, אום דיר דעם בעזוך צו מעלדען, בעמערקסט דו ווידער די אונגעוועהנליכע רויטקייט אויף איהר געזיכט און איהר אויפרעגונג, און יעצט מערקסט דו שוין ווי איהר שטימע ציטערט.

ביים דריטען און פיערטען מאָל ווידערהאָלט זיך די זעלביגע סצענע און אַ גערעכטע נייגיערדע צווינגט דיך דיין קאַמער־מיידעל אויסצופרעגען, און אַלס דו געהסט שלאָפען אין דיין צימער און זי העלפט דיר זיך אויסקליידען, זאָגסט דו צו איהר:

— זאָג מיר, סילוויאַ, וואָרום, ווען דער אינזשינער מ. קומט צו מיר און דו מעלדעסט מיר זיין בעזוך, ביזט דו רויט ווי אַ שטיק פורפור און שטאַרק אויפגערעגט דערצו? דאָס איז דאָך מיט דיר קיינמאָל ניט, ווען דו מעלדעסט מיר דעם בעזוך פון אַנדערע פּערזאָנען!...

סילוויאַ ווערט נאָך רויטער און ענטפערט ניט.

— זאָג מיר די וואַהרהייט, סילוויאַ, — דרינגסט דו אין איהר

— איך וויל עס וויסען.

— פרייליין... איך... איך וויים... עס ניט — ענטפערט זי דיר שטאַמלענדיג.

— דו מוזט עס וויסען!

— אָבער איהר ווייסט דאָך, פרייליין, וואָס פאַר אַ שעהמעוודיגע איך בין... די יונגע הערען מאַכען מיר אַנגסט...

— אָבער וואָרום האָסטו ניט קיין אַנגסט ווען די רעדסט מיט מיין ברודער, ווען דו מעלדעסט מיר דעם דאָקטאָר ב. אָדער דעם אַדוואָקאַט ט.? די זיינען דאָך אויך יונגע הערען און פיעל שעהנער פון דעם אינזשינער מ.!

— אָבער אייער ברודער, פרייליין, זעה איך יעדען טאָג... און פאַר די אַנדערע הערען האָב איך קיין שום אַנגסט...

מיט די ווערטער לאָזט סילוויאַ איהרע אויגען אַרונטערזינקען

און אין איהר שטימע קלינגען שוין נאָהענטע טרעהרען. דאַן זאָגט זי צו'דיר:

— ליעבעס פריילייז, איך קען אייך דאָס ניט זאָגען ווייל מיר פעהלט דער מוטה דערצו, און דאַן ווייל... ווייל — — —

זי קען ווייטער ניט ריידען. א געוויין דערשטיקט איהר שטימע.

א ווײלע שפּעטער בעהערשט זי זיך און רעדט ווייטער:

— ווייל... ווייל מיר שיינט, אז דער העדר אינזשינער ועט באלד אייער חתן ווערען און איך האָב פון איהם קיין שלעכטעס געוואָלט זאָגען...

— ניין — זאָגסט דו צו איהר — דער אינזשינער איז ניט מיין חתן!

— אה, אויב אזוי, קען איך אייך זאָגען די גאַנצע וואהרהייט! קוים קומט ער אריין אין פּאָרצימער און איידער ער פּרעגט מיך אויב איהר זייט צו הויז, נעהמט ער מיך ביי דער מאָרדע און וויל מיך אומארמען, אָדער ער ערלויבט זיך אויף אַן אנדער אַרט מיך אַנצוגרייפען... דאָס לעצטע מאָל, ווען ער איז אהער געקומען און איך האָב איהם געהאָלפען זיין אויבער־ראָק אראָבציעהען... פריי־ליין, איך האָב ניט דעם מוט אייך דאָס אָפען צו זאָגען.

— ער האָט מיך ארומגענומען... און... און האָט מיר... א קוש געגעבען.

— און דו האָסט זיך געלאָזט קוסען? און האָסט דאָס מיר באלד ניט געזאָגט?

— וואָס האָב איך געקענט טהאָן! ער האָט מיך איבערראַשט און איך שעהם מיך איבער דעם צו ריידען — אָבער דאָס מוז איך אייך זאָגען, פריילייז: דער אינזשינער איז א גרויסער אויס־וואורף!

*

מיין ליעבע עממא! א יונגער מאַן, וואָס איז אין א מיידעל פערליעבט און קומט אָפט איהר צו בעזוכען, מוז פיהלען דעם זעל־ביגען היילינען שוידער, מיט וועלכען דער גלויביגער געהט צו צום אלטאר, ער מוז זיך פיהלען ריין פון יעדען אינסטינקט; אָבער ווען ער נעהמט זיך צייט און האָט די לוסט א קאמער־מיידעל אין באַק

צו קנייפּען, איז דאָס אַ קלאָרער בעוויז, אז דער דאָזיגער יונגער מאַן באַזיצט ניט קיין שפּור פון אידעאַליזמוס אין זיין נשמה. ער איז זיכער אַ ליבערטין, און ווען ער וויל דיך מאַכען פאַר זיין פרוי, האָט ער נאָר אין די געדאַנקען אַ „גוטעס געשעפט“ אָבצושליסען, אָדער זיין נאַטור טרייבט איהם זיין גראָבע תאוה צו בעפריעדיגען.

נאָך דיין דיאַלאָג מיט דיין קאַמער־מיידעל מוזט דו פאַר דעם דאָזיגען פרייער דיין טהיר פערשליסען, אָדער איהם לאָזען זאָגען, אַז דו ביזט צו־הויז ניטאָ, ווען ער וועט ווידער קומען דיר אַ בעזוך אָבצושטאַטען.

און ווייסט דו, וואָס ער וועט טהאָן? ער וועט אַנדערע קאַמער־מיידלאַך אומאַרמען און קוסען און וועט אַנדערע כלות זוכען.

ווי אונזער גרויסער דיכטער אַליגהיערי דאַנטע אין זיין געטליכער קאָמעדיע האָט די אויפשריפט: „לאַסציאַטע אָגני ספּעראַנזאַ וואָי כ׳ענטראַטע“, דאָס הייסט: „ווער עס וויל אין גיהנום אריינקומען, דער מוז יעדע האָפענונג אין דרויסען איבערלאָזען“ אויף די טהויערען פון גיהנום אויפגעשריבען — אַזוי, מיין ליעבע עממאַ, מוזט דו די זעלביגע אויפשריפט אויף דיין טהיר אויפשרייבען.

און דיין פרייער, אָדער דיין חתן, דער ליבערטין, ווען ער וועט די דאָזיגע אויפשריפט אויף דיין טיהר איבערלעזען, וועט שוין איינזעהן, אַז ער האָט מעהר קיין האָפענונג דיין הארץ און האַנד צו געווינען און דו ווערסט איינמאָל פאַר אַלע מאָל פון איהם לויז ווערען.

* * *

## דער דומער מאַן.

מיין ליעבע טאָכטער! איך וואָלט דיר זעהר פיעל אונרעכט געטהאָן, ווען איך וואָלט דיך געהאַלטען פאַר פעהיג זיך צו פערליעבען אין אַ דומען מאַן, אָבער אין עטליכע טעג פון דיין בעקאַנטשאַפט מיט איהם ניט איינצוזעהן ווי דום ער איז.

עס זיינען אָבער דאָ פרויען, וואָס האָבען מיט דומע מענער געהייראַטעט, ווייל יענע מענער זיינען רייך געוועזען, אָדער זיי

האָבען געהאַט הויכע טיטולען. אזא הייראַט, מיין ליעבע עממא, איז פּראָסטיטוציאָן. ווי ציניש די פרוי זאָל ניט זיין, אויך יענע, וואָס בעטראַכטען דעם רייכען מאַן, אָדער יענעם, וואָס האָט א הויכען טיטעל, אלס א מאַכט, קומען ענדליך צו דעם מאָמענט, ווען זיי האָבען חרטה אויף דעם נאַרישען שריט, אויף דער בע־גאַנגענער פּראָסטיטוציאָן.

די פרוי, וואָס האָט זיך מיט איהר מאַן צו שעהמען, די פרוי וואָס דאַרף רויט ווערען פאַר שאַנדע יעדעס מאָל ווען זי לאָזט זיך מיט איהם אריין אין א געשפּרעך, פיהלט אויך איהר אייגענעם ווערטה אונטערגעגראָבען, און ווען איהרע קינדער ווערען דער־וואַקסען און זי איז געצוואונגען פאַר זיי זייער פּאָטער צו בעדויע־רען, פיהלט זי יענעם טיעפען, שטומען שמערץ, וואָס ציהט דורך ווי א גליהענדער אייזען איהר נשמה.

די פרוי מוז אויף איהר מאַן און אויף זיין בעריהמטהייט שטאָלץ זיין, און זיין גייסט ערפרייט זי נאָך מעהר ווי איהם זעלבסט.

א פרוי קען פערצייהען די העסליכקייט פון איהר מאַן, די ווייסע האָאר אויף זיין קאָפּ, אפילו א בעשטעהענדען פעהלער; אָבער זיין דומהייט קען זי קיינמאָל ניט פערצייהען. די מענליכ־קייט, וואָס ליעגט אין דעם מענליכען קערפּער, איז געוויס א גרוי־סער פּאָרצוג, אָבער עס איז דאָ נאָך א העכערער פּאָרצוג, א לעבענס־קרעפטיגערע מעלה אין דעם מאַן, און דאָס איז זיין גייסט און די ענערגיע פון זיין כאַראַקטער. און צו דער עהרע פון דער פרוי מוז געזאָגט ווערען, דאָס די גייסטיגע מעלות פון איהר מאַן שטע־העןן ביי איהר פיעל העכער, אלס זיינע קערפּערליכע פּאָרצוגען. גלייך ווי דער וויינשטאָק איז די פרוי געשאַפען זיך אָנצולעהנען אויף דעם בוים; אָבער ווען זי איז געצוואונגען מיט זיך דעם מאַן צו שטיצען, קען זי קיינמאָל ניט פריינדשאַפט צו איהם פיהלען, זי קען נאָר מיטלייד צו איהם האָבען, אָבער אין קיין פאַל איהם ליעבען, ווייל דעם מענשען, וועלכען מען קען ניט אכטען, קען מען קיין פריינד זיין.

ווען א פרוי גיט זיך אוועק, געזעצליך אָדער אונגעזעצליך, צו א רייכען דומקאָפּ, ווען ביי טאָג בערוישט זי זיך מיט דעם עלעגאַנ־

טען עקיפּאַזש, וועלכען ער האָט איהר געקויפט, ווען זי פיהלט דעם נחת פון איהרע ברילִיאַנטען און פון איהרע סאַמעטענע קליידער, מיט וועלכע זי האָט אין א געזעלשאַפט ארומגעשטאָלצירט, ווען זי האָט מיט אונפערשעהמטער איינענליעבע פאר איהרע פריינדינען מיט איהר דיענערשאַפט זיך בעריהמט — קומט זי צוריק צו זיך אהיים און זיצענדיג נעבען איהר מאַן, פערדייהט זי די דאָזיגע פאַלשע פריידען, וועלכע עס פערוואַנדלען זיך אין איהר מויל צו ביטערען גאַלל.

מעהר אַלס איינמאָל, אפילו אין די מאָמענטען פון דער זיסער ליעבע, ווערט זי אויפגעשראָקען דורך א אידיאָטישער בעמערקונג, דורך א נאַרישען אויסדרוק, וועלכען ער לאָזט פאַלען, און אויס דער טיעפקייט פון איהר צוריסענער הארץ קומט ארויס דער וועה־געשריי, וואָס איז עהנליך צו דעם וועה־געשריי פון א לייב, ווען די קויל פון דעם יעגער פערוואונדעט איהם.

דאַן ווערען חרטה און נקמה געטרייע חברים אין איהר ברענענדיגע נשמה און אויף דער גראַפען־קרוין פון איהר מאַן וואַקסען אויס די הערנער אונגעהייער גרויס, מיט אַנדערע ווערטער: זי גיט אוועק איהר אַכטונג און איהר ליעבע צו א פרעמדען מאַן...

*

אָבער ווארום, מיין טאָכטער, זאָל איך מיך פּלאָגען מיט דער בעשרייבונג פון א מאַן, וועלכען דו ווערסט קיינמאָל ניט האָבען! איך טהו דאָס נאָר, אום דיך צו שרעקען פאַר אַלע דומע מענער, און דיך צו לערנען ווי די דאָזיגע אונפערשטאַנענע דומע מענער צו דערקענען. די דאָזיגע מענער זיינען א ניט־זעלטענער מין, אויך דער שאַרפזיכטיגער, דער גוטער בעאָבאַכטער, קען אין זיי א טעות האָבען.

דער דומער מאַן האָט א פנים ווי א גאַנץ נאָרמאַלער מענש און קען זאָגאַר עהנליך זיין צו א מענשען מיט א שטאַרקען גייסט.

אינערליך איז ער דום ווי א היהנדרעלע, וואָס האָט זיך ערסט פון איהר איי ארויסגעפּיקט, אָבער ער איז אָבגעלאַקירט מיט א לאַקיר, וואָס זעהט אויס ווי גייסט. ער איז אָהן טאַלענט, אָבער ער איז אויף דער וועלט געקומען מיט פיעל רמאות און חיטראָסט

און די רמאות און חיטראָסט האָבען איהם מיט דער צייט געלעהרט צו פערבאָרגען דאָס, וואָס עס פעהלט איהם.

ער שווייגט זעהר גערן און זעהר פיעל, נאָך מעהר שווייגט ער, ווען מען רעדט וועגען הויכע געגענשטאנדען, פון ערנסטע לעבענס־פראגען, ביי וועלכע דער עכטער גייסט בליצט ארויס און פונקעלט.

ביי אזעלכע געלעגענהייטען רונצעלט דער אידיאָט זיין שטערן, מאכט זעהר אן ערנסטען פנים און בעגלייטעט די רעדע מיט א קאָפּ־שאָקלען, פונקט ווי ער וואָלט פערשטאנען דעם זין פון דער רעדע און ווידמעט איהר די לעבהאפטעסטע נייגיערדע.

ווען דו ברייננגסט פאָר א מערקווירדיגע בעהויפטונג אין א געשפרעך, אָדער דו שטעלסט א וויכטיגע פראגע, ווארפט ער אריין אין זיין רעדע אן ענערגישען און בעוואונדערנדען אויסרופונגס־צייכען, וועלכער זעהט אימער אויס ווי א בייזער שמייכעלע, און מען קען גלויבען, אז גאָט ווייס וויפיעל געדאנקען, וויפיעל קריטישע פיינהייטען און וויפיעל טונקעלע צווייפעל עס ליעגען פערבאָרגען אין זיין בייזליכען שמייכעלע.

ווען עס דאכט זיך איהם, אז זיין געזיכטס־מימיק איז ניט גענוג די געזעלשאפט, אָדער דיך צו מאכען גלויבען, דאָס ער ווייס דעם זין פון דער בעהויפטונג, אָדער פון דיין פראגע, ווארפט ער אריין די ווערטער: „קיין ספק“, אָדער „דאָס גלויב איך!“, אָדער גאָר „אזוי געהט עס אימער!“, אָדער „אזוי איז דאָס שטענדיג“, און נאָך פיעלע אנדערע קורצע בעמערקונגען, וואָס זיינען שטענדיג פון איהם בעגלייטעט מיט אן אויסרופונגס־צייכען, מיט א פאסענדען אָדער אונפאסענדען שמייכעלע, אָדער מיט א גאָרנישט־זאָגענדע פראזע.

אין דעם ווערטער־בוך פון א מאן א דומקאָפּ געפינען זיך אזוי פיעל פערשיעדענע ווערטער, וויפיעל קליידער אין דער גארדעראָבע פון א דראמאטישען קינסטלער.

דו געפינסט אין דער גארדעראָבע פון אן אקטיאָר קרוינען געמאכט פון געברענטען מאגנעזיא, פאנצערס פון איינפאכען אָבער פערגאָלדעטען בלעך, קינזשאלען פון האָלץ און א גאנצע קאָלעקציע פון פאלשע דיאמאנטען, פערל און אנדערע שמוק־זאכען; קליידער פון די ביליגסטע שטאָפען פערפערטיגט, זיינען אזוי געמאכט, דאָס

פון ווייטען זעהען זיי אוים ווי די קאָסטבארסטע קליידער פון עכטען זייד און סאַמעט.

אָבער צווישען דעם דאָזינגען מיש־מאַש, קענסט דו אויך געפי־נען אַן אמת'ן קינזשאַל, וועלכער קען ווירקליך שניידען און פער־וואונדען, און אַ ווירקליכען בריליאַנט, וועלכער גלענצט ווירקליך אין פערשיעדענע פארבען־שטראַהלען. אָבער דו מעגסט זיכער זיין, אַז דער ווירקליך שניידענדער קינזשאַל און דער ווירקליך גלענצענ־דער בריליאַנט זיינען גע'גנב'עט אייגענטהום, אַן אייגענטהום, וועלכען דער אַקטיאָר האָט איינגעשטודירט צו קענען אויסווייניג, אום זיך ביי געוויסע געלעגענהייטען מיט זיי צו בעדיענען.

איך מוז מיך אימער דערמאָנען אָן דעם מערקווירדיגען איינ־דרוק, וועלכען איינער אַן אונבעקאַנטער שריפטשטעלער האָט אויף מיר געמאַכט. ער האָט ארויסגעגעבען אַ ווערק, מיט וועלכען ער האָט געוואָלט זיך בעריהמט מאַכען אין דער ליטעראַרישער וועלט.

איך האָב די שריפט מיט גרוים אויפמערקזאַמקייט געלעזען און זי איז מיר פאָרגעקומען אַלס אַ פּראָדוקט פון אַן אידיאָטישען גייסט, אָבער צווישען די ווערטער אָהן אַ זין, צווישען די פראַזען אָהן פארב און אָהן זאַפט, האָט מיר ענטגעגענגעשטראַהלט אַ ליכ־טיגע אידעע, אַ גוטער איינפאַל, וואָס איז מיר פאָרגעקומען ווי אַ בריליאַנט, וואָס ליעגט אין בלאָטע. באַלד נאָך דעם דאָזיגען גיים־טיגען בריליאַנט, האָט די דומהייט און די אונוויסענהייט ווייטער געצויגען איהרע פעדים, און באַלד האָט זיך צווישען די דאָזיגע ווידער אַן ערעלשטיין ארויסגעוויזען.

ענדליך האָב איך בעגריפען, אום וואָס עס האַנדעלט זיך. דאָס זיינען געווען די קרוינען פון סטיואַרט מילל און ספּענסערס ברי־ליאַנטען אין בלאָטע איינגעפּאַסט.

די דומע מענער מאַכען דאָס ווי יענער „ליטעראַט“, וועלכער האָט זיך מיט סטיואַרט מילל'ס קרוינען און ספּענסער'ס בריליאַנטען געוואָלט בעריהמט מאַכען, ניט האָבענדיג קיין שום רעכט אויף בעריהמטהייט. ווען זיי בעזיצען גאַרנישט אייגענעס, טראַקטירען זיי אונז פרעמדעס אין אַ פערקריפּעלטער פאָרם.

*

דער דומער מאַן בעזיצט נאָך אַן אַנדער מין חיטראָסט. אַ חוץ דעם קלוגען שווייגען דאָרט וואו ער האָט ניט מיט וואָס מיטצו־ריידען, אַ חוץ די פלינקייט, וועלכע ער בעזיצט אריינצואוואַרפען אַ צווישענוואָרט, וואָס זאָל דעם פּלאַץ פון אַ געוויסע אידעע פער־נעהמען — וויים ער אויך דעם גייסטיגען שטאַנד־פּונקט אויסגעפי־נען פון יענע מענשען, וועלכע געפינען זיך אין זיין געזעלשאַפט.

ווען יענע מענשען שטעהען זעהר הויך אין גייסט און אין ביל־דונג, שווייגט ער אימער מיט אַ פעסטע עקשנות און מישט זיך ניט אריין אין דעם געשפּרעך, מיט דער גוטער אויסזיכט, דאָס מען וועט איהם האַלטען פאַר אַ בעשיידענעם מענשען.

ווען אָבער דער מענש, וואָס רעדט מיט איהם, איז אין גייסט און בילדונג מיטעלמעסיגע, רעדט ער אָהן עפּעס וואָס צו זאָגען, און ווייל ער בעטויבט די איגנאָראַנטען מיט פערקניפּטע און צו־מישטע פּראַזען און מיט טונקעלע געדאַנקען, געלינגט עס איהם, דאָס די איגנאָראַנטען האַלטען איהם פאַר עפּעס וואָס.

און נאָך אַ חיטראָסט בעזיצט ער׳: ער רעדט אימער פון זאַכען, וועלכע זיינען די מענשען פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכע ער געפינט זיך, גאַר ניט אָדער גאַנץ ווייניג בעקאַנט.

די קונסט, די מענשען צו בעאָבאַכטען, געהערט ניט צו דעם געוועהנליכסטען, און מיט גרויסען ערשטוינען האָב איך פון גייסט־פולע מענשען געהערט פאָלגענדע אורטהיילען איבער די דומע מענשען:

— ער האָט אפילו ניט ליעב פיעל צו ריידען, אָבער ער בע־זיצט אַ גרויסע טיעפקייט אין אַנאַליזירען.

— ער האָט ניט קיין בעזונדערען טיכטיגען קאָפּ, אָבער ער האָט זעהר אָריגינעלע אידעען.

— וואָס פאַר אַ רייכע פאַנטאַזיע ער האָט! עס איז נאַר אַ שאָדען, וואָס ער דריקט זיי אויס אין אַ טונקעלע און אַ פערוויקעלטע פאָרם.

— ער רעדט ווייניג, אָבער ער דענקט זעהר פיעל. ער וויים געוויס פיעל מעהר אַלס ער רעדט אַרויס.

און אַזוי ווייטער.

איך קען איינעם אַ פאַלשען גרויסען מאַן, וועלכען דורך לויטער

האַרטנעקיגען שווייגען, דורך קלוגען צוזאַמענקנייטשען דעם שטערן און דורך זינרייכע אויסרופונגען איז געלונגען, דאָס מען האָט איהם פאַר א גרויסען גייסט ערקלערט. ער האָט א לעהרשטעלע אין דער אוניווערזיטעט און דעם קאָמאַנדיר־קרייץ פון דער איטאַליענישער קרוין. איך ווייס ניט וויפיעל אַקאַדעמישע טיטולען ער האָט בע־קומען, און יעצט זיצט ער אויף דעם אָלימפּ פון די אַקאַדעמיקער פון האָס נעבען ווירקליך גרויסע מענער פון גייסט און וויסענשאַפט. וועלכע פרעגען זיך יעדען טאָג איינער דעם אַנדערען:

— אָבער וואָס האָט ד ע ר מענש אויפגעטהאָן אין זיין לעבען?

— איך ווייס עס ניט. מען זאָגט, ער איז א גרויסער און טיעפער דענקער. ער האָט ווייניג געשריבען, אָבער דאָס ווייניגע האָט א גרויסען ווערטה.

— האָט איהר זיין ווערק געלעזען?

— ניין, איך ניט, אָבער אַלע זאָגען דאָס.

דער דאָזיגער אַקאַדעמיקער איז א ניט־פערשטאַנענער דומקאָפּ.

---

# דער פּוסט־און־פּאַסניק.



יין ליעבע און טייערע עממא! ביי אַלעס, וואָס איך איך ווייס און קען, בעט איך דיר און בעשווער דיר, אפילו קניענדיג פאר דיר: האָב ניט חתונה מיט א רייכען פּוסט־און־פּאַסניק!

און דאָס קען דיר זעהר לייכט געשעהן, ווען דו וועסט מיט א רייכען מאַן הייראַטען.

ביי אונז איז דאָס „גאָר נישט טהאָן" א פליכט פון יענע מענער, וואָס לעבען פון זייערע פּראָפּיטען, פון דעם רענט, וועלכען זיי נעהמען איין. מיר לאַכען הערצליך איבער די רייכע עדעל־לייט פון קאָכין־כינא, וועלכע פערבאָרגען די נעגעל פון זייערע הענד אין העלפאַנטביינענע, גאָלדענע און זילבערנע שאַכטעלאַך, אום אלעמען צו צייגען, דאָס זייערע נעגעל און פינגער זיינען פון אַר־בייט ניט בעשמוצט; אָבער מיר לאַכען ניט איבער אונזערע רייכע עדעל־לייט, וועלכע שעהמען זיך א דיפּלאָם פון אַן אינזשיניער, אָדער אַן אדוואָקאט צו האָבען.

ווי די עדעל־לייט פון קאָכין־כינא, האָבען אונזערע איטאַליעני־שע עדעל־לייט דעמזעלביגען פּאָראורטהייל געגען דער אַרבייט.

איך זאָג: די איטאַליענישע עדעל־לייט, ווייל אין זעהר פיעל לענדער פון אייראָפּא און אמעריקא, וועלכע האָבען פיעל ווייטער פון אונז פּראָגרעסירט, איז דאָס „גאָרנישט טהאָן" ניט דער טיטול פון די עדעל־לייט, דאָס „גאָרנישט טהאָן" איז ביי זיי א שאַנדע, איבער וועלכע די רייכסטע ווערען רויט.

אין לאָנדאָן, צום ביישפּיעל, גיבט עס עדעל־לייט, וועלכע פער־מעגען מעהרערע מיליאָנען אין האַנדעל און אין אינדוסטרי, אָבער זייערע מיליאָנען ארבייטען אין דער וויסענשאַפט, קונסט און ליטע־ראַטור, אָדער זיי נעהמען אונטער לאַנגע רייזען, אום זיך צו צו־שטרייען, אָדער זיך מעהר אויסצובילדען. ווידער אַנדערע רייכע

ערעל־לייט אינוועסטען זייערע שווערע מיליאָנען אין גוט־בעזיצונגען און בעשעפטיגען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט.

דאַגעגען קען איך אייניגע רייכע ערעל־לייט אין אונזער פּראָווינץ לאָמבאַרדיי, וועלכע האָבען זייערע אייגענע גיטער קיינמאָל ניט געזעהען!

און דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער פּוסט־און־פּאַסניקעריי, פון דעם שענדליכען פּאַראָרטהייל געגען דער עהרליכער ארבייט, איז מייסטענטהיילס דער: די פערוואַלטער, אָדער די פּאַסעסאָרס פון די דאָזיגע רייכע גיטער ווערען די אייגענטהימער פון זיי, און זיי, די רעכטע אייגענטהימער, שטאַרבען אונטער דער לאַסט פון שווערע שולדען, אָדער שטאַרבען פון לאַנגווייליגע, אָדער ווילדע און גראָבע ליידענשאַפטען טויטען זיי.

אין ענגלאַנד און אין אַמעריקא טראָגט ניט קיין רייכער ערעלמאַן די קאָכין־כינישע נעגעל, ניט אויף די הענד און ניט אויף דער נשמה.

מיין ליעבע עממאַ! איידער דו רעדסט ארויס דעם ענדגילטיגען „יא“, וואָס פערבינדעט דיין לעבען מיט אַ מאַן, זאָלסט דו זיך פריהער צוקוקען צו זיינע נעגעל. זיינע נעגעל וועלען דיר זאָגען אויב דו האָסט צו טהאָן מיט אַ מענשען, וואָס שעהמט זיך ניט, חאָטש ער איז רייך, ווייטער צו ארבייטען, אָדער מיט אַ מענשען, וואָס טהוט גאָר נישט, נאָר ער פערשווענדעט די ירושה פון זיינע עלטערען און מאַכט שוואַרץ דעם הימעל מיט דעם רויך פון זיינע טהייערע ציגאַרען.

*

דער רייכער פּוסט־און־פּאַסניק פיהרט אַ לעבען, פון וועלכען איך וואָלט קיין איינציגען טאָג ניט געפיהרט אפילו פאַר אַ בעלויהנונג פון הונדערט־טויזענד לירע.

איז ער אַ יונגער מאַן, ליעגט ער נאָך אום עלף דעם זייגער מאָרגענס און שלאָפט נאָך. ער איז „נעביך“ זעהר שפּעט אין דער נאַכט אַהיים געקומען און שלאָפען געגאַנגען!

דער קאַמער־דיענער האָט דעם בעפעהל איהם צו דער דאָזיגער שטונדע צו וועקען, און אום עלף דעם זייגער האָט ער ווירקליך אָבער מיט עהרפורכט אין דער טהיר פון שלאָפצימער געקלאַפּט.

— הערר גראף, עס איז עלף דער זייגער!

א פערשלאפענע און עטוואס ערגערליכע שטימע ענטפערט:

— גוט, קארלא, גוט! קום אין א האלבע שטונדע ארום און וועק מיך ווידער.

אום האלב צוועלף איז דער יונגער גראף ווידער איינגעשלאפען און דער קאמער־דיענער קארלא קלאפט צום צווייטען מאל אין טיהר.

— גוט, קארלא, איך שטעה שוין אויף...

אבער עס איז שוין דריי פערטיל אויף צוועלף און דער גראף האט מיט זיין טיש־גלאק נאך ניט גערופען דעם קאמער־דיענער זאל קומען איהם העלפען ביים אנקליידען.

דער פריהשטיק איז שוין אין עס־צימער סערווירט, די גאנצע פאמיליע איז שוין פערזאמעלט ארום טיש און דער „הערר" גראף קומט נאך אלץ ניט.

ענדליך פאלט איהם איין די פאמיליע. ער שטעהט האסטיג אויף, האט שוין וויניג צייט זיך גוט צו וואשען און זיך אנקליידען און מיט א פערשפעטונג פון א פערטעל שטונדע קומט ער אריין אין עס־צימער. ער גריסט די פאמיליע מיט א קאלטען גרוס און מיט א מיענע פון פארוואורף אויף זייערע געזיכטער ווערט ער פון דער פאמיליע עמפפאנגען.

צו די דאזיגע שטומע פארוואורפען איז ער שוין פון א לאנגע צייט פריהער געוועהנט.

ער עסט מיט א קנאפען אפעטיט, צווישען איין געריכט און דעם צווייטען פילט ער אוים די צייט מיט לאנגע געניצען און גאנץ ערוואכט ווערט ער ערשט נאך דעם קאפע.

ער פלוידערט, רויכערט, האקט פוילע וויצען און געהט, ווען ער איז ניט מיעד, אין ביליארד־זאאל, אום מיט איינעם פון זיין פאמיליע א פארטיע ביליארד צו שפיעלען. ער מוז דאך די צייט ביז דריי דעם זייגער ווי עס איז פערטרייבען!

און די דריי שעה שלעפען זיך לאנגזאם און ביטער לאנגווייליג פאר איהם.

דאן הייסט ער איינשפאנען זיין עקיפאזש און פאהרט אין שטאדט, אום איינינע וויזיטען צו מאכען, און ווען ער האט נאך

ניט א „דאמכען“, וואָס לײדיגט אײם זײנע קעשענעס און זײן געהירן, מאַכט ער זײנע בעזוכען בײ לאַנגװײליגע מענשען, װאָס זײנען אזוי לאַנגװײליג װי ער.

דערװײלע איז געװאָרען פינף דער זײגער און ער געהט אין קלוב. ביז זיעבען דעם זײגער איז די לאַנגװײלע פערטריבען דורך קאָרטען־שפּיעלען, אָדער דורך איבערקוקען די לעצטע בלעטער פון דער שטאָדטישער סקאַנדאַל־כראָניק.

דער זײגער שלאָגט זיעבען. זײן! עקיפּאַזש װאַרט אויף איהם בײם טהויער פון קלוב און אין א פערטעל שטונדע איז ער װיעדער צו־הויז, װאו ער קלײדט זיך אום און געהט צום טיש אין עס־צימער.

ער האָט אויך יעצט א שװאַכען אַפּעטיט, כאָטש ער האָט שוין א גלעזעל פון דעם „מאָגען־עליקסיר“, אָדער א גלעזעל „אבּ־סינטה“ אײנגענומען. די מאָהלצײט ענדיגט זיך און א נײער קאַפּע און נײע ציגאַרען פילען אויס די צײט, ביז עס קומט דער מאָמענט פאַר דעם טהעאַטער, פאַר דעם באַלל בײ דעם מאַרקיז ב., אָדער אַן אָבענד־געזעלשאַפט בײ דעם הערצאָג צ., װאוהין ער געהט אָהן א בעזונדער לוסט, אום נאָר דעם קלוב אויסצומײדען, װאו ער װעט מוזען אין קאָרטען שפּיעלען די גאַנצע נאַכט, אלעס פערשפּיע־לען װאָס ער האָט מיט זיך און דעם אַנדערען טאָג װעט ער מוזען געהן צו א פּראָצענטניק געלד באָרגען, װעלכע ער װעט ערשט נאָך זײן פאָטערס טויט קענען בעצאָהלען, װען ער װעט װערען דער אײגענטהימער פון זײן פאָטערס גיטער.

פיעל און פיעלע יונגע לײטע פערברײנגען זײער לעבען אויף דער ארט, אָדער אויף אַן עהנליכען שטײגער. דאָך קענען זײ גוט פראַנצויזיש און ענגליש שפּרעכען, זײנען אָבגעלאַקירט מיט א לי־טעראַרישע בילדונג און לאָזען זיך אין דער געזעלשאַפט דורך זײערע עלעגאַנטע קלײדער און דורך א געװיסען בעזיטץ פון גײסט בע־װאונדערען.

און די דאָזיגע פּעהלגעבורטען (מפיל־קינדער) פון דער מאָדער־נער ציװיליזאַציאָן װאַגען עס א פּרוי צו נעהמען!

נאָכדעם װי זײ האָבען מעהר װי א העלפט פון זײערע קלענ־ליכע נשמה־לאַך און פון זײערע נערװעזע קערפּערלאַך אין די

געמבלינג־הייזער, אָדער אין די בודואַרען פון די באַללעט־טענצער־קעס איבערגעלאָזען, שטרעבען זיי צו דער הייראַט, צו דער העכס־טער מענשליכער פליכט — א פרוי גליקליך צו מאַכען און די וועלט מיט מענשען צו בעפעלקערען.

זיי דאַרפען זייער גרויסען נאָמען ניט לאָזען שטאַרבען און זייערע הויכע טיטולען — אויסגעלאָשען ווערען, זיי מוזען מיט דעם גרויסען נדן, וועלכע די פרוי בעקומט פון איהרע עלטערען, פערשטאָפּען די טיעפע לעכער, וועלכע דער גרינער טיש אין געמב־לינג־הויז און די שווערע קאָסטען מעטרעסעס אויסצוהאַלטען האָ־בען געמאַכט אין זייערע פינאַנסען.

און זיי הייראַטען און גיבען א רייכע, א גוטע, א זאַנפטע, א ריינע און א יונגע מיידעל זייער האַנד, א מיידעל, וואָס גלויבט, אז אין מאַן האָט זי געפונען א געליעבטען, און אין דעם געליעבטען א פּאָעמאַ פון העכסטער פרייד און דעם אידעאַליזמוס פון וועלכען זי האָט גע׳חלומ׳ט.

אָרימע, אונגליקליכע מיידעל!

דער מאַן, דער פּוסט־און־פּאַסניק, דער בטלן, האָט ביי זיינע פינף און דרייסיג אָדער פערציג יאָהר נאָך געוויס ניט פערלאָרען זיין זיסע געוואָהנהייט שלינג און שלאַנג ארומצוגעהן אָהן עפּעס וואָס אונטערצונעהמען און אויספיהרען, און אין דער פּאַר איהם לאַנגווייליגער אטמאָספערע פון דער פאַמיליע, נאָכדעם ווי די פּריי־דען פון דעם „האָניג־מאָנאַט“ זיינען שנעל אויסגעלאָשען געוואָרען, נעפינט ער א נייעם און א מעכטיגערען פּאָרוואַנד, אום אין קלוב צום קאָרטענטישעל צוריקצוקעהרען, און דער קאָרטענשפּיעל איז דער איינציגער קיטצעל, וואָס רעגט איהם אויף און וואָס גיבט איהם דאָס בעוואוסטזיין, דאָס ער לעבט.

די יונגע פרוי ליעבט איהם, זי לאַדעט איהם איין צו דער פּיאַנאָ, אָדער עפּעס וואָס צוזאַמען אינטערעסאַנטעס צו לעזען, אָדער מיט איהם אייניגע מינוטען די פריידען און די אינטימע צערטליכקייטען פון דער ליעבע צו געניסען, און ער בעוויליגט איהר פערלאַנג; אָבער פּלוצלונג רייסט ער אויף זיין מויל צו א לאַנגען געניץ, געניצט ביז עס האַלט ביים אויסלינקען די קנאָכען פון זיין מויל, און ביי יעדען געניץ פאַלט אויף איהר א קאַלטער וואַסער־

שטראהל, און זי זעהט ענדליך איין אז זי האָט זיך אומזיסט געמיהט אום א גאַנז אין אַן אָדלער צו פערוואַנדלען און ווארעמע בלוט אין די אָדערען פון א זשאבע ארייּנצוגיסען.

*

מיין ליעבע עממא, דו וועסט פיעלייכט זאָגען, אז דאָס איז איבערטרייבונג פון מיר, אז אָנשטאט א געטרייעס בילד פון וואהרען לעבען, גיב איך דיר א קאריקאטור; אָבער איך פערזיכער דיר, אז אויך דאָס בילד איז העסליך און אָבשטויסענד.

ניט אַלע פּוסט־און־פּאַסניקעס זיינען פון דער דאָזיגער אידע־אלער פּאָלקאָמענהייט, אָבער אויך די געוועהנליכע פון זיי זיינען אונערטרעגליך און פערשפּרייטען ארום זיך א נעבעל פון לאַנגוויי־ליגקייט, וואָס לעשט אוים יעדעס פייער פון בעגייסטערונג און פערטונקעלט יעדען שיין פון דער פּאָעזיע.

און וואָס איז דאָס לעבען אָהן פּאָעזיע?

איך וויים עס גאַנץ גוט, אז עס זיינען דאָ אונשולדיגע, גוט־מוטהיגע פּוסט־און־פּאַסניקעס, וועלכע ליעבען זייערע פרויען און שפּיעלען ניט אין קאָרטען, אָבער זיי האָבען זיך פון דער אטמאָ־ספערע פון זייער לאַנגווייליגע געבילדעט און זיי קענען די דאָזיגע אטמאָספערע ניט־פערלאָזען, אום א לעבענס־קרעפּטיגערע, פרישערע און בערוישענדערע לופט איינצואָטהמען.

זיי קענען קיינמאָל ניט קיין אנדער מידיגקייט, אלס די מידיג־קייט פון גאָרנישט טהאָן. אנדערע מענשען, אום זיך לעבעדיג צו פיהלען, אום דאָס לעבען צו געניסען, מוזען יעדען טאָג אַן אנדער מידיגקייט פיהלען, די איינציגע היילזאמע, די איינציג מענשליכע — די מידיגקייט נאָך דער ארבייט.

זאָלען עס זיין די ארבייט ביי דעם ספּאָרט, ביים רייטען, ביים פאָהרען מיט דעם וועליסיפּעד (בייסיקל), אָדער מאַכענדיג א לוסט־רייזע מיט א יאַכט, אָדער אויף דער יאגד אין וואלד, אָדער די געדאַנקען־ארבייט ביי זיך אין קאבינעט, אין שטודיר־צימער, אויף די פעלדער פון די גיטער, אָדער אין וואָגען אָדער אין שיף אויף א רייזע. די ארבייט האָט אזוי פיעל וועגען, דאָס דער מענש, וואָס וויל אַלע וועגען דורכלויפען, דאַרף מינדסטענס הונדערט יאָהר לע־בען.

און ווען דער מאַן, וואָס אַרבייט, קומט צו זיך אַהיים, זוכט אויף זיין פרוי און מיט אַ גליקזעליגען שמייכעלע אויף זיין פנים דערצעהלט ער איהר די גוטע רעזולטאַטען פון זיין אַרבייט, געפינט ער פונקט אַזאַ גליקזעליגען שמייכעלע אויף איהר פנים, דאַן פיהלט ער אין זיך די בערוישטהייט פון אַ מענשען, וואָס איז אַריינגעקומען אין אַ בליהענדען גאָרטען און איז בעגריסט געוואָרען פון די בלומען, וועלכע גיבען נאָר איהם זייער זיסען אַראָמאַט, און אין דער ליעבע רוהט ער אויס זיין מיעדיגקייט, און דאָס בעוואוסטזיין, דאָס ער האָט ניט אומזיסט געלעבט, לאָזט איהם דעם קאָפּ הויך טראָגען און זיינע אויגען פאַר פרייד גלאַנצען.

אָהן אָנשטרענגונג גיבט עס קיין רוה און אָהן אַרבייט קיין פרייד. די שעהנסטע בלומען וואקסען און בליהען אויף די בערג. וויל מען זייער בעלעבענדען אַראָמאַט געניסען, מוז מען דעם באַרג אַרויפקלעטערען און דערביי — שוויטצען.

אונגליקליך, דריי מאָל אונגליקליך זיינען די, וועלכע האָבען נאָר פון אַ גרויסע היטץ געשוויצט און קיינמאָל ניט ביי דער אַרבייט.

מיין גוטע עממא, האָב קיינמאָל ניט חתונה מיט אַ ליידיג־געהער!

איך נעהם מיר אויס לאַנגער ערפאַהרונג די פרייהייט צו זאָגען, דאָס דער מאַן, וואָס טהוט גאָרנישט, איז פאַר זיין פרוי דער ערגסטער מאַן פון דער וועלט.

און דו, אין דיין פּאָעטישען גייסט, אין דיין גלויבען אין דאָס גוטע, זאָלסטו קיינמאָל ניט האָפען אַזאַ מאַן דורך דיין איינפלוס צו מאַכען פאַר אַן אַרבייטער.

גראַדע אַזוי גוט קענסט דו אַ טשערעפּאַכע (שילדקרעט) אין אַ שוואַלב, און אַ נאַכט־איילע (סאָווא) אין אַן אָדלער פערוואַנדלען!

# פּראָפּעסיאָן און דער גליק פון פאַמיליען לעבען

II



יין טהייערע עממא! איך בין מעהר ווי זיכער, אז דו ווערסט ניט הייראטען מיט א בויער, מיט א שמיעד און מיט א סטאָליער; די בעווערבער, וואָס וועלען זיך ארומדרעהען אין דיין קרייז, וועלען זיין אַן אינזשיניער, א דאָקטאָר, אַן אדוואָקאט, אָדער, דאָס וואָס מען רופט: א קאפּיטאליסט.

יעדען טאָג הער איך ווי לייט זאָגען: „אַלע מענשען זיינען גלייך. און איך זאָג דיר, מיין טאָכטער, אז קיין גרעסערען ליגען ווי דער דאָזיגער שפּרוך האָט נאָך קיין מענשליכער געהירן ניט אויסגעדאכט. דאָס האָב איך אין אַלע מיינע ווערק ווידערהאָלט.

און דאָך שטעהט דער דאָזיגער ליגען געדרוקט אויף אַלע מטבעות און אסיגנאציעס פון א גרויסער נאציאָן, אויף איהרע פּלאַגען און אויף די געזעצען פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

אויך אין אונזערע טריבונאַלען (העכסטע געריכט־הייזער) שטעהט עס געשריבען, דאָס אַלע מענשען זיינען פאַר דעם געזעץ גלייך; אָבער ווייל די דאָזיגע ווערטער שטעהען הינטער דעם רוקען פון די ריכטער און די ריכטער קענען ניט זעהן, וואָס עס טהוט זיך הינטער זייער רוקען, האָבען זיי ניט די פערפליכטונג זיך שטענדיג אָן דיעזע ווערטער צו דערמאָנען.

די מענשען זיינען נאָר אין איין זאַך גלייך — אין דעם טויט. אָבער אויך דאָ, וואָס פאַר אַן אונטערשיעד אין דער אָרט און וויזע פון שטארבען! עס זיינען דאָ מענשען, וואָס שטארבען גלייך נאָכדעם ווי זיי ווערען געבאָרען, און אַנדערע לעבען און שטארבען מיט הונדערט יאָהר; אַנדערע שטארבען אונטער הארצ־רייסענדע שמערצען, און אַנדערע מיט א שמייכעלע אויף די ליפּען, זיי שטארבען ענטוועדער טראָפּענווייז, לאַנגזאם, אָדער דורך א האַסטיגען ריס אין זייער נשמה, וויעדער אַנדערע הויכען אויס זייער

נשמה מיט א קללה אויף דעם לעבען, און אנדערע פערקערט בענשען דעם טויט.

און דאס שעהנסטע איז דער פאקט, דאס וואס מעהר די ציווילזאציאן פראגרעסירט, די סאציאלע בעשטרעבונגען ווערען אלץ מעהר פערוויקעלטער און שווערער און די געזעצען ווערען אלץ מעהר פערפיינערט — שטייגען אלץ מעהר די אונגלייכהייטען פון די מענשען און וועלען מיט דעם פראגרעס נאך ווייטער שטייגען.

פערצייה מיר, מיין ליעבע עממא, וואס מיין פעדער איז ארויס פון וועג און האט פערבלאנדזשעט אויף דער פעלד פון העכערער פילאזאפיע! דאס איז נאר געשעהן, אום דיר צו זאגען דעם מאטיוו, ווארום איך ראטה דיר ניט צו הייראטען א מאן, וואס זיין שטעלונג איז גאנץ פערשיעדען פון דיין שטעלונג.

ווען דו וועסט אוועקשטעלען א טענענבוים צוזאמען מיט א בלום, וואס איז געבארען אין די הייסע לענדער, אין דער אראנזשעריע און וועסט וועלען, אזביידע זאלען צוזאמענלעבען, וועט איינע פון זיי געוויס שטארבען־

דו וועסט אלזא הייראטען א מאן, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט איינע פון יענע בערופס־ארטען, וועלכע מיר מענשען רופען אן מיט דעם נאמען: פ ר י י ע — אפשר נאר דערפאר ווייל זיי גיבען די פרייהייט פון הונגער צו שטארבען.

און אויך, ווען דו וועסט זיך אויסוועהלען א מאן, וואס לעבט פון זיינע רענטען, פון זיינע הכנסות, וויל איך האפען, אז ער וועט קיין ליידיג־געהער, קיין פוסט־און־פאסניק ניט זיין, פון וועלכען איך האב דיר שוין א געטרייע קאפיע געמאכט. ער מעג זיך זיין א קאפיטאליסט, אבער ער מוז זיך מיט זיינע גיטער בעשעפטיגען און זיך ניט פערלאזען אויף פרעמדע הענד, ער מעג זיך צו זיין פערגעניגען וויסענשאפטען שטודירען און א קינסטלער זיין; און יעדען פאל וועט ער אויך זיין אן ארבייטער אין דעם גרויסען סאציאלען ווערקשטאט.

דו זאלסט גאר ניט גלויבען, אז עס איז אלץ איינס צו מען הייראטעט מיט א קינסטלער, אדער מיט א דאקטאר, אדער מיט אן אדוואקאט.

דאס לעבען נאך דער חתונה איז אזא איידעלע זאך, דאס פון

יעדער זאַך, וואָס רינגעלט איהר ארום, אָדער בעריהרט זי, נעהמט זי אַריין אין זיך אַ וואָהלטהעטיגען אָדער אַ שעדליכען איינפלוס. זי איז פיעל עמפּפינדליכער פון די אויסלענדישע געפיהל־פּלאַנצען, זי איז אַ גאַלוואַנאָמעטער, מיט וועלכען מען מעסט די שטאַרקייט פון דעם גאַלוואַנישען שטראָם, זי איז אַ פאָטאָגראַפישע פּלאַטע. קיין זאַך, וואָס בעטרעפט זי אָדער בעריהרט זי, איז פאַר איהר גוטעס געדייהען און פאַר איהר גליק גלייכגילטיג.

די פּראָפעסיאָן איז אַזאַ וויכטיגער טהייל פון דעם מענשען, דאָס מען קען עס ניט אויסטהאָן ווי מען ציהט אַ קלייד פון זיך ארונטער. טהוט מען דאָס, רייסט מען מיט דעם אַ שטיק הויט פון לייב. די פּראָפעסיאָן שפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין לעבען, און נאָך אַ גרעסערע אין פאַמיליען לעבען.

יעדער איינער פון אונז וועהלט זיך אויס אַ בערוף פון די פיעלע אַנדער בערופען, אַמאָל איינעם פון די צופעליגע, און אַמאָל דורך הויכע און טיעפע מאָטיווען; צום גרעסטען טהייל וועהלען מיר זיך אַ פּראָפעסיאָן נאָך אונזערע פערשיעדענע געשמאַק־ריכטונגען, וועלכע זיינען אַן אויסדרוק פון אונזער נאַטור, און פון אונזערע מאָראַלישע און גייסטיגע בעשאַפענהייט.

גליקליך, דריי מאָל גליקליך איז יענער, וועלכער וועהלט זיך אויס זיין פּראָפעסיאָן דורך די הערשענדע און אונבעזיעגבארע, צווינגענדע בעדירפניסע פון זיין אייגענעם געהירן און זיין אייגענע האַרץ!

ווען עס זיינען דאָ אַזוי פיעל אונפעהיגע און פיעלע אַנדערע, וואָס פערפלוכען זייער בערוף, קומט דאָס נאָר דערפון, וואָס זיי האָבען ביי דער אויסוואהל פון אַ בערוף ניט געפאָלגט די שטימע פון דער אייגענער בעשטימונג, די שטימע וואָס ווייזט אימער דעם ריכטיגען וועג, און האָבען זיך געלאָזט פערפיהרען פון פוסטע פאַנטאַזיען און פון אַ פאַלשען שיין, אָדער, וואָס נאָך ערגער איז, זיי האָבען געהאַנדעלט דורך אַ פרעמדען זייטיגען איינפלוס.

האָבען מיר אָבער איינמאָל אַ פּראָפעסיאָן אויסגעוועהלט, איז ער אַ קלייד, וואָס לאָזט זיך פון אונזער הויט מעהר ניט אָראָבציהען, אַליז איינס צי ער מאַכט אונז שעהנער אָדער העסליכער ווי מיר זיינען אין דער ווירקליכקייט.

האָסט דו בעמערקט, מיין טאָכטער, ווי דאָס אויסזעהן פון דעם מענשען פערענדערט זיך נאָך דער קלייד, וועלכע ער טראָגט אויף זיך? און א פּראָפעסיאָן איז מעהר אלס א קלייד, מעהר אלס א אוניפאָרם: א פּראָפעסיאָן איז א צווייטע הויט אויף אונזער קערפּער, וועלכע לעבט מיט אונז און אין אונז און פאָרמירט אונז נאָך איהרע פאָדערונגען, נאָך איהר שניט און לויט דעם שטאָף, מיט וועלכען זי האָט אונז אַרומגעוועבט.

די מענער פון זשעניע, די גרויסע גייסטער מיט אייזערנעם ווילען, בויגען די פּראָפעסיאָן נאָך זייער ווילען און מאַכען איהר גרויס. זיי קענען דעם בערוף בעאיינפלוסען. אָבער די מעהרסטע פון די מענשען, דאָס הייסט: די גרויסע מאַסע, פאָרמט זיך און בויגט זיך פאַר דער פּראָפעסיאָן און מיט דער פּראָפעסיאָן.

טיציאָ איז פריהער פאַר אַלץ אינזשינער און נאָכדעם טיציאָ. סעמפּראָניאָ איז פריהער פאַר אַלץ דאָקטאָר און נאָכדעם סעמפּראָניאָ, און קאַיאָ איז פריהער פאַר אַלץ פּריעסטער און נאָכדעם קאַיאָ, ווייל די שוואַכע מענשען, וואָס בילדען די מעהרצאָהל, געפינען אין דעם אָנגענומענעם בערוף דעם שוין אָנגעגרייטען שטעמפּעל, אָדער בעסער געזאָגט: דעם שטיק זויער־זאַלץ, וואָס פערוואַנדעלט זייער נאַטירליכע פּערזענליכקייט אין אַזאַ מין זויער־טייג, פון וועלכען מען קען גאַרנישט באַקען.

עס זיינען דאָ אַזוי פיעל בעאַמטע, אַזוי פיעל דאָקטוירים, אַזוי פיעל פּריסטער און אַזוי פיעל סאָלדאַטען, וואָס זיינען אונטער זיך אַזוי גלייך, דאָס איך האָב קיינמאָל ניט געפיהלט די נויטיגקייט צו פרעגען זייערע נעמען און צו־נעמען. ווען איך האָב זיי געזעהען און געקענט, איז מיר גענוג געווען צו זאָגען: — ער איז א בעאַמטער! — ער איז א דאָקטאָר! — ער איז א פּריעסטער! — ער איז א סאָלדאַט! —

ווען דו ביזט פון דער דאָזיגער וואַהרהייט איבערצייגט, וועסט דו גאַנץ לייכט בעגרייפען, וואָס פאַר א גרויסען איינפלוס די פּראָפעסיאָן פון דיין מאַן מוז אויסאיבען אויף דיין גליק און אויף דעם גליק פון דיין פאַמיליע.

דערזעלביגער מאַן מיט דעמזעלביגען געפיהל, מיט דערזעלביגער אינטעליגענץ און מיט דעמזעלביגען רייכטום, וועט אין לעבען

נאָך דער חתונה א גאַנץ פערשיעדענער מאַן זיין. אַלס באַנקיער וועט ער אַנדערס זיין, אַלס דאָקטאָר ווידער אַנדערס און נאָך אַמאָל ווידער אַנדערס אַלס מיליטעריסט אָדער אַדוואָקאַט.

יעדער בערוף האָט זיין אייגענטימליכקייט און זיין אייגענע נאַטור, און די דאָזיגע אייגענטימליכקייטען און נאַטור, צי זי איז גוט אָדער שלעכט, לאָזט זיך ניט אומבייטען.

איך וויים ניט, אויב אַנדערע פאַר מיר האָבען שוין געפאָרשט און שטודירט דעם איינפלוס פון פּראָפּעסיאָן אויף דעם גליק פון פאַמיליען לעבען. איך אָבער האָב דעם טונקעלען און שווערען געגענשטאַנד פיעל אויפמערקזאַמקייט געשענקט, האָב פיעל בעאָבאַכטעט, און דו זאָלסט די פרוכט פון מיין שטודיום געניסען. עס זאָל דיר א לעהרע זיין, און א וועג־ווייזער אין דעם וועג פון לעבען.

מיין קינד, איך קען דיר אַלעס ניט אויסשרייען, דאָס איז א זאַך דער אונמעגליכקייט, ווארום וויפיעל מענשען עס איז דאָ אויף דער וועלט, אזוי פיעל כאַראַקטערע. יעדע פּראָפּעסיאָן האָט אַן אַנדער פאַרב און אַן אַנדער שטרעבונג. איך וועל דיר נאָר אייניגע פּראָפּעסיאָנען אויסרעכענען, און דו, מיין קינד, וועסט שוין מיט דיין שאַרפען פערשטאַנד וויסען וואָס אויסצוקלייבען.

דער געשעפטס־מענש אלס מאַן.

דער באַנקיער אלס מאַן.

דער פאַבריקאַנט אלס מאַן.

דער גוטס־בעזיצער אלס מאַן.

דער קינסטלער אלס מאַן.

דער אינזשעניער אלס מאַן.

דער דאָקטאָר אלס מאַן.

דער אַדוואָקאַט אלס מאַן.

דער ליטעראַט אלס מאַן.

דער געלעהרטער אלס מאַן.

דער פּאָליטיקער אלס מאַן.

דער סאָלדאַט אלס מאַן.

---

# דער געשעפטסמאַן אַלס פערהייראַטער מאַן.



יי אונז אין איטאליען איז געווען א צייט, אין וועל־כע דער געשעפטסמאַן און אַלע אנדערע, וואָס האָבען האַנדעל און אינדוסטריע צו זייער פּראָפעסיאָן געמאכט, זיינען פון די עדעל־לייט, פון די הויך־געבילדעטע פון די געלעהרטע און פון דער גאַנצער גייסטיגער אריסטאָקראַטיע בעטראַכטעט גע־וואָרען מיט א געוויסער גרינגשעצונג, אָפּטמאָל זאָגאר מיט אָן אָפענער פעראַכטונג. זיי האָבען גאָר ניט געוואָלט צוגעבען, אז האַנדעל און אינדוסטריע איז אויך א בערוף, קיין פרייער בערוף.

און דאָך איז ענגלאַנד, די פרייעסטע פון אַלע נאַציאָנען פון דער ציוויליזירטער אייראָפּאַ, א לאַנד פון לויטער האַנדעלס־לייט און פאַבריקאַנטען.

און דאָך קען א קליינע קירכע אין פלאָרענץ אויפווייזען, דאָס אין איהר זיינען געטויפט דריי קינדער מיט די נעמען ד א נ ט ע, מ י כ ע ל א נ ז ש ע ל אָ און ג א ל י ל ע א ו ס, וועלכע האָבען האַנדעל און אינדוסטריע פאר איינע פון די שעהנסטע און נוצליכסטע בערופען געהאַלטען.

און דאָך איז די גאַנצע מענשליכע וועלט נאָר א גרויסער מאַרק, אויף וועלכען מענשען בייטען זיך מיט געלד, מיט סחורה, מיט אידעען, מיט טעריטאָריען און מיט איינפלוסען.

אויך אין אונזער צייט זיינען נאָך די גייסטיגע און ניט־גייס־טיגע אַריסטאָקראַטען, וואָס קוקען אויף האַנדעל און אינדוסטריע ווי אויף אַן צרה, אָהן וועלכע מען קען ליידער ניט אויסקומען און מען מוז זי דולדען.

אָבער דו, מיין טאָכטער, דו זאָלסט זיך ניט שעהמען צו היי־ראַטען מיט א האַנדעלסמאַן, ווען דו וועסט געפינען אַזעלכען, וואָס האָט האַרץ און גייסט און שעהמט זיך ניט צו קויפען און פער־קויפען, אום זיך און זיין פאָטערלאַנד צו בערייכערען.

די פערבינדונג מיט אזא מאַן, וואָס וועט דיינע ערוואַרטונגען און האָפנונגען קיינמאָל ניט אָבנאַרען.

דער האַנדעלסמאַן ליעבט געוועהנליך זיין פרוי און זיינע קינ־דער און שטענדיג טראַכטענדיג וועגען זיי, ווערט זיין דורשט צום מעהר פערדיענען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

ווען ער קומט צוריק אַהיים פון זיין מאַגאַזין, אָדער פון באַנק צופרידען מיט דעם גאַנג פון זיינע געשעפטען, דיינקט ער, ביים ווידערזועהן זיין ליעבע פרוי און קינדער מיט פרייד, דאָס ער האָט פאַר זיי געאַרבייט, און איז זיכער, דאָס זיי ווע‍לען איהם שטענדיג דאַנקבאַר זיין, וואָס ער מיהט זיך זייער וואָהלשטאַנד און זייער פערמעגען צו פערגרעסערען.

ווי לוסטיג און גליקליך רוהט זיין בליק אויף דעם קאָפּ פון זיין זיסע פריינדין אויף דאָס גאַנצע לעבען, אויף די בלאָנדע קעפּע־לאַך פון זיינע קינדער, וועלכע רינגלען איהם אַרום פון אַלע זייטען, ווען ער דיינקט, דאָס ער וועט באַלד אַן אַנגענעהמע איבערראַשונג מאַכען און דאָס ער קען דאָס מאַכען דורך זיין אַרבייט, דורך זיין טהעטיגקייט, דורך זיין פלייסיגקייט און דורך זיין אינטעליגענץ!

און ווען ער קומט אין אַ געוויסען מאָרגען צו דער טרויעריגער איבערצייגונג, דאָס זיינע געשעפטען האָבען גענומען אַ שלעכטע ווענדונג, דאָס אַ באַנקראָט, וועלכען על האָט ניט געקענט פאַר־אויסזעהן, האָט געמאַכט אַ שוואַרצען שטריך אונטער דער בילאַנץ פון זיין פערמעגען, זעהט ער געהענדיג אַהיים דעם ליעבען שמיי־כעלע פון זיין פרוי, וואָס וועט איהם בעלוינען פאַר אַלעס. דער דאָזיגער שמייכעלע וועט איהם זאָגען, אַז געלד־פערלוסט איז גאָר ניט אַזאַ אונגליק ווען די געגענזייטיגע ליעבע שטעהט נאָך אין איהר מאַכט, און ביי דעם דאָזיגען געדאַנקען קריעגט ער צוריק קראַפט אין ענערגיע דאָס פערלאָרענע צוריק צו געווינען.

*

ווייל דו פּלאָגסט ניט דיין מאַן מיט די טעגליכע קליינליכע פראַגען, וועלכע פערביטערען איהם דאָס לעבען, ווערט ער אַלץ ענערגישער און שטאַרקער אין זיינע געשעפטליכע אונטערנעהמונ־גען. זוך אַלץ מעהר זיין פערטרויען צו דיר צו געווינען און האָב שטענדיג אין זינען, אַז דורך דעם צוטרויען צו דיר, וועט ער שטענ־

דיג דיר בעקאַנט מאַכען מיט דעם וואהרען צושטאַנד פון זיינע גע־שעפטען.

פיעלע האַנדעלס־לייט האָבען זייער ערפאָלג אין געשעפט און רייכטהום נאָר דעם אומשטאַנד צו פערדאַנקען, דאָס זיין מוטהי־גער אונטערנעהמונגס־גייסט און פערבינדונג מיט דער שפּאָרזאַמ־קייט פון זיין פרוי, זיין געשעפטס־קענטניס אונטערשטיצט פון איה־רע פעהיגקייטען קלוג און בערעכענט צו שאַלטען און וואַלטען אין די הויזליכע אַנגעלעגענהייטען, האָבען געקענט דעם ערפאָלג ברייג־גען.

ווען פרויען לייטען די געשעפטען, האָבען זיי כמעט שטענדיג ערפאָלג, און דער האַנדעלסמאַן, ווען ער וועט די דאָזיגע פעהיגקייט אין זיין פרוי דערקענען, וועט ער שטענדיג איהר ראַטה געהאָרכען.

און ווען דו וועסט האָבען דאָס אונגליק צו האָבען אַ מאַן, וואָס איז צו גייציג אום רייכטהום צו ערווערבען, אַ מאַן וואָס וויל ערווערבען רייכטהום דורך איבעדטריבענער ארבייט און געפעהר־ליכע אונטערנעהמונגען — מוזט דו זיין דער טאָרמאַזש (ברעמזע) אום איהם דערפון אָבצוהאַלטען, דו מוזט פערגרינגערען די איבער־פליסיגע אויסגאַבען און מוזט איהם ווייזען, דאָס דער גליק מיט אונזערע דירעקטע און אינדערעקטע שטייערען, וועלכע מיר מוזען צאָהלען, קען זיך מיט זיי ניט אויסגלייכען.

# דער באַנקיער אַלס פערהייראַטער מאַן.



[א]ויך דער באנקיער איז א האנדעלסמאן, אָבער ער האנדעלט ניט מיט סחורה נאָר מיט באארען געלד, און ווייל געלד איז די טהייערסטע און גאנגבארסטע סחורה, שטעהט דער דאָזיגער צווייג פון געשעפט מיט א גראד העכער פון אלע געשעפטען, און ווידער אויך דארום, ווייל דיעזער האנדעלס־צווייג פאָדערט מעהר גייסט, מעהר פאָרזיכט און ביי געוויסע אומשטענדען פיעל מעהר מוטה.

דער באנקיער קען זיין פאמיליע זעהר לייכט די טהירען צום רייכטהום עפענען און דורך זיינע פיעלפאכע פערבינדונגען אריינבריינגען זיין פרוי אין א פערשיעדענארטיגע געזעלשאפט, וואו זי געפינט ליארעמדיגע צערשטרייאונגען און אלע בעקוועמליכקייטען פון דעם מאָדערנעם לעבען.

ווען דו ליעבסט די שטילקייט און די איינזאמקייט, ווען דיר איז ליעבער צו האָבען איין שיסעל אויפ'ן טיש, אָבער געווירצט מיט דעם זאלץ פון זיכערהייט פון מאָרגענדיגען טאָג, דאן הייראט ניט מיט א באנקיר.

אין דער הויכער פינאנץ־וועלט דרעהט זיך דער גליקס־ראָד זעהר שטארק און האסטיג. היינט לייגסט דו זיך שלאָפען א בעזיצערין פון מיליאָנען, און מאָרגען שטעהסט דו אויף א בעטלערין.

עס איז שווער, דאָס דער באנקיר זאָל ניט לאָזען פיהלען זיין פאמיליע די ביטערע יסורים און אויפרעגונגען, וועלכע ער האָט יעדען טאָג ביים לעזען די בערזען־בעריכטען.

אין היינטיגען יאָהרהונדערט, דער נערוועזער יאָהרהונדערט, זיינען דער באנקיער און דער פאָליטיקער יענע מענשען, וועלכע שפירען מעהר פון אלע אנדערע מענשען די ערשיטערונגען פון דער וועלט. די דאָזיגע וועלט־ערשיטערונגען זיינען פערשיעדען, אמאָל בריינגען זיי גליק און פריידען און אמאָל אונגליק און

טרויער, על פי רוב אונגליק און טרויער.ביידע, דער באנקיער און דער פאליטיקער, האבען צו וואנדערען איבער א בריק פון דינעם פאפיער. זעלטען געלינגט עס זיי דעם בריק איבערצוגעהן, אפטער ווערט דער בריק אונטער זייערע פיס צוריסען און זיי פערזינקען אין תהום...

דו מוזט שטענדיג אין זינען האבען, אז דו טארסט דיין באנקיער איינעם אליין ניט לאזען געהן איבער דעם געפעהרליכען פאפיער־בריק, דו מוזט איהם מיט וואכזאמע געדאנקען בעגלייטען אויף זיין גאנג, דו מוזט איהם ביישטעהן מיט א גוטען ראטה, דו מוזט איהם לערנען נאר מיט דעם איבערפליסיגען געלד צו ספעקולירען און דאס די פעלד, וואו דאס ברויט ווערט געזעעט און די ווינטערויבען ווערען געזאמעלט, מוזען שטענדיג אונבעריהרט בלייבען.

איז דיין מאן, דער באנקיער, א פערשווענדער, דאן מוזט דו די גייציגע, די קארגע זיין, און זאלסט זיך קיינמאל ניט איינבילדען, אז דיין מאן׳ס געשעפטען זיינען ניט דיינע געשעפטען, און דאס דו האסט ניט דאס רעכט און אויך ניט די אינטעליגענץ, אום זיך מיט די געשעפטען צו פערנעהמען.

ווען דו הערסט דעם דונער, ווען דו זעהסט בליצען אויף דעם הימעל פון דיין פאמיליע, זאלסט דו זיך באלד ערקונדיגען ביי פריינד, ביי בעקאנטע, אויב עס קומט א געוויטער־שטורם, כדי דו זאלסט קענען אויסמיידען די געפאהר און רעטען, וואס דו קענסט.

וויפיעל ווייניגער אונגליקליכע, וויפיעל ווייניגער אונגליק אין דער פאמיליע, וויפיעל ווייניגער אנטלאפענע קאסירער נאך אויסלאנד און וויפיעל ווייניגער זעלבסטמערדער וואלטען אויף די אנאטאמישע טישען געפאלמעסט געווארען — ווען מיר וואלטען אונזערע פרויען געגעבען מעהר רעכט אין אונזער געדאנקען־לעבען און אין אונזערע האנדלונגען איינצוגרייפען!

אויב מיר פארטגעשריטענע מענשען מאכען ניט פון אונזערע פרויען קיינע שקלאפינען ווי אין אלטערטום און ווי אין מיטעלאלטער, האבען מיר דאך פון זיי נישט מעהר ווי א בעפרייטע שקלאפין געמאכט, אן ארטיגע הויז־חיה, וועלכע צושטרייט זיך

זעלבסט און אַמוזירט אונז; אָבער קיינמאָל פערטרויען מיר זיי ניט אונזערע אַנגעלעגענהייטען, ווייל מיר מיינען, אַז זיי קענען ניט גענוג פערשוויגען זיין און נאָך וויניגער האַלטען מיר פון זייער אינטעליגענץ.

און ווער ליידעט פון דער דאָזיגער אונגערעכטער ניט־אַכטונג? כמעט אין יעדען פאַל מ י ר א ל י י ן ווייל די פרוי בעזיצט צו איהרע פינף חושים א זעקסטען, נעמליך דעם חוש דאָס צו זעהן, וואָס זשעניאַלע מענער קענען ניט זעהן. דאָס איז, דאַכט זיך, א קליינע און א שוואַכע זייט פון דער זאַך אָבער דאָס איז א וואָרעם, וואָס פרעסט אויף דעם ריעז; דאָס איז ווי עס שיינט, אַן אונבעדייטענדער געגענשטאַנד, אָבער ער האָט די קראַפט א גאַנצען אָרגאַניזמוס צו ערשיטערען און פאַנאַנדערצושרויפען, א קאַלאָסאַלען געשעפט צו רואינירען.

איך האָב שוין זעהר אָפט חרטה געהאַט אויף א געשעפט, וועלכען איך האָב אָבגעשלאָסען און האָב מיך צו דעם מיט דיין מוטער ניט בעראַטהען, און אויך קיין עצה געפרעגט ביי מיין מוטער, אלס איך האָב נאָך געהאַט דאָס העכסטע גליק זי אין לעבען צו בעזיצען. אָבער קיין מאָל האָב איך קיין חרטה געהאַט אויף א געשעפט, וועלכען איך האָב אָבגעשלאָסען מיט דעם ראַטה פון דיין מוטער און מיט דער צושטימונג פון מיין מוטער.

ווען איך האָב געוואָלט דערקענען דעם כאַראַקטער פון אַזא מענשען און אריינדרינגען אין די טיעפעניסען פון זיין אינערליכען לעבען, אום זיך צו שאַפען א בעגריעף פון זיין מאָראַלישען ווערטה, האָב איך א לאַנגע צייט געדאַרפט דיינקען און פאָרשען, דרעהען די זאַך אהין און אהער, יעדע רעגונג פון זיין נשמה מיט דעם מיקראָסקאָפ בעטראַכטען און יעדע ווענדונג פון זיין האַרץ, פונקט ווי דער אַנאַטאָם מיט זיין כירורגישען מעסער, אַנאַליזירען — און מערקווירדיג, אויף דאָס, וואָס איך האָב געדאַרפט האָבען וואָכען און מאָנאַטען, אום אויסצוגעפינען און זיך א בעגריעף צו פערשאַפען, האָט די פרוי מיט איין בליק פלוצלונג ענטדעקט אָהן דער הילף פון א מיקראָסקאָפ און א כירורגישען מעסער, ניט פיעל פאָרשענדיג און גריבלענדיג האָט זי גראַד די שוואַכע און דאָך אַלמעכטיגע זייט פון דער פראַגע אויפגעלייזט, וועלכע איך האָב נאָך לאַנגען

פארשען און אנאליזירען ניט געזעהן און האב פון איהר גאר קיין אהנונג געהאט! און ווייסט דו, מיין טאכטער, ווארום איך האב דאס ניט געקענט זעהן? ווייל איך בין א מ א ן און דיין מוטער און מיין מוטער האבען דאס באלד ענטדעקט, ווייל זיי זיינען פ ר ו י ע ן, און ווייל די נאטור האט זיי אין זייערע הערצער געגעבען יענע געטליכע אויגען, מיט וועלכע זיי קענען זעהן אלעס וואס עס ליעגט פערבארגען אין דאס הארץ און אין דער נשמה פון יענע פערזאנען, וועלכע זיי ליעבען און וועמענס גליק עס איז זיי טהייערער פון זייער אייגענעם לעבען!

און פיעלייכט האט גראדע צו דעם דאזיגען צוועק די פארזעהענדע נאטור דעם מענשען אין צוויי העלפטען בעשאפען, אבגעזונדערט איינע פון די אנדערע קערפערליך און צו גלייכער צייט מיט דער אנציהונגס־קראפט און מיט דער ליעבע פעראייניגט: צוויי העלפט, וועלכע קענען ניט לעבען אבגעזונדערט איינע פון די אנדערע און מוזען אייביג פעראייניגט זיין מיט דעם שמערץ און מיט נאגענדען בייגקען צו א לעבען אין צווייען, און אזא פערשמעלצונג פון צוויי קערפערס און צוויי נשמות איז דאך אייגענטליך דאס וואהרע און פולשטענדיגע לעבען, וועלכע בויט דאס היים און די מענשען בעשאפט.

אין איינע פון די דאזיגע צוויי העלפט איז תמיד אפען די אויג, וואס זעהט זעהר ווייט, וואס שטעהט שטענדיג אויף דער וואך, וועלכע דערזעהט די געפאהר, וועלע פיהלט דעם גערויש פון דעם דראהענדען שטורם און הערט דאס אנקומען פון דעם בליץ — אין דער אנדערער העלפט ליגט די פויסט, וועלכע הויבט זיך אויף צו פערטהיידיגען זיך געגען דער אטאקע.

אויף איין זייט: די צערטליכע מורא, מיט וועלכע די דערנערוועג ווערט דורכגעפארשט, וועלכע ראמט אב די שטיינער פון וועג, דער שמייכעלע, וועלכער גלעט אוים די קנייטשען פון דעם מידען געדאנקען, אדער די רונצלען פון דעם פלאגענדען צווייפעל.

אויף דער אנדערער זייט: דער מוטה, וועלכער מעסט ניט אב די געפאהר, דער געדאנקען, וועלכער דאס וואהרשיינליכע און דאס מעגליכע אויף דעם וועג פון גוט אדער שלעכט לייגקט.

אין איין העלפט: די נערוועז, וועלכע פיהלען, דאס הארץ

וועלכע ליעבט, די צערטליכקייט וועלכע בערוהיגט, דער קום וועל־כער היילט, דאָס גאַנצע נערוועןסיסטעם פון דער מענשהייט.

אין דער אַנדערער העלפט : די מוסקעלען, וועלכע ציעהען זיך צוזאַמען צו דער אַרבייט, דער גייסט, וואָס קען ווייט אין דער צו־קונפט זעהן, די ענערגיע וועלכע שטאַרקט, דער הערואיזמוס צום שאַפען און ווירקען, דאָס געהירן־ און מוסקעל־סיסטעם פון דער מענשליכער פאַמיליע.

און נאָר ווען די דאָזיגעביידע העלפט נעהרען זיך איינע די אַנדערע, ווען זיי זיינען דורך די וועלטליכע און געטליכע אָנציהונגס־קראַפט, די ליעבע, פעראייניגט, ערהאַלטען מיר דעם מענשען, דעם וואהרען און גאַנצען, דעם פולשטענדיגען און גליקליכען מענשען.

ווען דו ווערסט הייראַטהען מיט אַ באַנקיר, לאָז איהם איבער דעם אייזערנעם געלד־שראַנק, אָבער דו מוזט זיין דער שליסעל, וואָס פערטהיידיגט דעם געלד־שראַנק פון שאָדען.

## דער פאַבריקאַנט אַלס פערהייראַטער מאַן.

נאָך מיין אנזיכט, שטעהט דער פאַבריקאַנט פיעל העכער אלס דער האַנדעלסמאַן און דער באַנקיר. דער האַנדעלסמאַן קויפט און פערקויפט, דער פאַבריקאַנט פּ ר אָ ד ו צ י ר ט.

דער האַנדעלסמאַן נעהמט פון איין האַנד און גיבט עס איבער אין אַן אַנדער האַנד, און בעמיהט זיך דערביי, ביי דעם דאָזיגען איבערגאַנג, דאָס אַ געוויסער טהייל (דער מעגליכסט גרעסער טייל) זאָל אין ז י י ן האַנד בלייבען.

דער פאַבריקאַנט אין אַ מאַן, וואָס ב ע ש א פ ט : ער בע־שאַפט דעם שטאָף, די מאַטעריע און גיבט איהם נייע פאָרמען, ער בענוצט די הענד פון זיינע אַרבייטער, ער בענוצט זיינע מאַשינען, און ווען עס געלינגט איהם נייע אַרטיקלען צו בעשאַפען, אָדער עטוואָס אַלטעס בעסער און שנעלער אלס אַן אַנדערער צו מאַכען, מאַכט ער זיך און דאָס לאַנד רייך.

גאָט זאָל דיר העלפען מיט אַ פאַבריקאַנט צו הייראַטהען !

אָבער ביי אונז אין איטאַליען האָבען מיר פון דעם דאָזיגען מין זעהר אַ קליינע צאָהל, און דארום וועט עס שווער זיין אויסצו־

געפינען אזעלכען, וואָס זאָל ווערטה זיין דיין מאָן צו זיין און וועל־כער זאָל אויך מיר צופריעדען שטעלען.

דער מאַנופעקטשורער מוז זיין א פערבינדעטעד פון זיינע אר־בייטער און קיין פּאראזיט, וואָס נעהרט זיך פון דער מיה און דעם שוייס, אָפּטמאָל אויך פון דעם בלוט פון זיינע ארבייטער; ער מוז זיין זייער פ ר י י נ ד, ניט זייער ט י ר א ן.

יעדען טאָג און יעדע שטונדע פון טאָג מוז ער זיך דערמאָנען, דאָס די גרויסע פּראָבלעמע פון קאפּיטאל און ארבייט, פון ארבייט־געבער און ארבייט־נעהמער, איז נאָך לאנג ניט אויפגעלייזט און דאָס די אינדוסטריעלע אונטערנעהמער מוזען זיין די ערשטע, וואָס דאר־פען מיטווירקען צו דער שנעלער און עהרליכער אויפלייזונג פון דער דאָזיגער פּראָבלעמע.

און דו, מיין טאָכטער, דו מוזט, ווען דו ווערסט מיט אן אינ־דוסטריעלען אונטערנעהמער הייראטהען, איהם איבערצייגען, דאָס ער מוז די גערעכטע פאָרדערונגען פון זיינע ארבייטער רעספּעקטי־רען און נאָכגעבען, אויב ער וויל ניט לעבען פון רויב און אויב ער וויל ניט ענטגעגענגעהן די געפאהרען פון דער סאָציאלער רעוואָ־לוציאָן.

די פאבריקאנטען זאָלען ניט גלויבען, דאָס די פּארלאמענטען וועלען די סאָציאלע פּראָבלעמע אויפלייזען. זיי אליין מוזען און וועלען דאָס טהאָן.

## דער גוטסבעזיצער אַלס פערהייראַטער מאַן.

דער גוטסבעזיצער איז פאר זיין פרוי אימער א גוטער מאן, ווען איהר צו בעזיצען אליין איז איהם ניט גענוג און בעשעפטיגט זיך זעלבסט מיט זיינע גיטער זיי צו בעארבייטען, ווען ער ליעבט זיי און בעמיהט זיך אביסעל ליכט פון דער וויסענשאפט אין דאָס טיעפע טונקעלהייט פון דער לאנדווירטשאפט אריינצוטראָגען.

אָבער ווען דער גוטסבעזיצער בעשעפטיגט זיך אליין ניט מיט זיינע גיטער, ער בעזוכט זיי קיינמאָל ניט, לאָזט זיי ארויס אין פּאַכטעס און בענוגענט זיך מיט די הכנסות פון זיי אין שטאָדט צו לעבען און נאַרנישט טהאָן — דאן זינקט ער ארונטער צו דער

קאַטעגאָריע פון די פּוסט־און־פּאַסניקעס און ער האָט דאַרום קיין רעכט צו בעהויפּטען, אַז ער בעשעפטיגט זיך עפּעס מיט אַ בערוף.

האָסט דו מיט אַזאַ מאַן געהייראַטהעט, מוזט דו איהם בע־גלייטען אַזוי אָפט ווי דו קענסט אויף דיינע גיטער, און דרינג אין איהם אָפט, זעהר אָפט זיינע גוטסבעזיצונגען צו בעזיצען.

וויפיעל פּיזיש און מאָראַלישע געזונדהייט וואָלט אונזער נער־ווענזע און נערווען־קראַנקע געזעלשאַפט געקענט ערווערבען, ווען אַלע, וואָס בעזיצען אויפ'ן לאַנד אן אייגענעם שטיקעל ערד, וואָלטען איהם געליעבט, בעאַרבייט, ווען אַלע וואָלטען אַ הין געגאַנגען די פּלאַנצען צו גלעטען, צו לאַסצען, זיך אויסציעהען אויף דער גרינער לאָנקע, מיט זייערע אייגענע הענד אויף זייער אייגענעם פעלד וואַק־סענדע פּרוכט אָברייסען, ווען די פּרוכט איז אפילו נישט מעהר ווי אַ מאָגערע פייג אָדער עפּעס אַ יאַגדע!

האָסט דו ווען עס איז געשפּיערט דעם גערוך פון דער ערד, ווען זי טרינקט נאָך אַ לאַנגע רעגענלאָזע צייט די ערסטע רעגענטראָפּענס, וועלכע זי זויגט אין זיך איין מיט דער ברענענדער תאוה פון אַ פערשמאַכטען דאָרשטיגען?

פאַר מיר איז דער דאָזיגער ערד־גערוך דער ליעבסטער אראָ־מאַט, דער סימפּאַטישסטער און דער דורכדרינגליכסטער פון אַלע אנדערע ריחות. ניט נאָר ער קיטצעלט צערטליך מיינע נאָזלעכער, ער שטייגט אויף אַרונטער טיעף אין הארץ, אין די לונגען און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין ווידער געוואָרען ערד (וואָס איך בין פאַר מיין געבורט געוועזען). עס דאַכט זיך מיר, אַז איך טרינק פון די ערשטע ערד־קוואַלען, וועלכע האָבען זיך פון פערשידענע וואָרצלען אין ווייכע שוואָמען פערוואַנדעלט, וועלכע זויגען אויס די קרעפטען פון די פּלאַנעטען, אום זיי אין ברויט, אין וויין, אין בלומענדופט און אין בוי־קלעטצער צו פערוואַנדלען.

אין קיין אנדערען מאָמענט פיהל איך מיך אַזוי קלאָר דאָס איך בין אַ טהייל פון אונזער פּלאַנעט, ווי אין דעם מאָמענט, ווען איך אָטהעם איין מיט אַ הייסער תאוה דעם ריח פון דער ערד אין דער צייט, ווען זי טרינקט דאָס וואַסער פון הימעל.

פערזאָרג עס, מיין טאָכטער, דאָס דו זאָלסט אָפּט ווי דו קענסט אין דער געזעלשאַפּט פון דיין מאַן, דעם גוטסבעזיטצער, דעם זיסען

ערד־געוך טרינקען, לאָז איהם אויף דיינע קינדער טרינקען און נעהם איהם מיט זיך אהיים, אין שטאָדט, ווי א ביטערעס שטאַר־קונגס־מיטעל, וואָס מאכט אונזער אפּעטיט שאַרפער און מאכט נייער אונזער בלוט.

די ליעבע צו דער ערד איז די היילזאַמסטע, די טהייערסטע ליעבע, און ווען דו ווענסט די דאָזיגע ליעבע אין דיין מאַן איינ־פלאַנצען, האָסט דו מיט דעם א הייליגעס ווערק אויסגעפיהרט. און ווען דו טראָגסט זי מיט דער צערטליכקייט פון דיין פרויען־הארץ אין דאָס הויז פון דעם פויער אריין און פעראייניגסט זי מיט זיינע וויסענשאַפטען אין דער אגריקולטור, וועסט דו מיט דעם מעהר און בעסערעס פאַר דיין לאַנד לייסטען, אלס אלע יעצטיגע און פערגאַנגענע געזעצגעבער מיט זייערע סאָציאַלע געזעצען, אי־בער וועלכע איך מוז לאכען, און וועלכע בלייבען אין די ארכיוועז פון די פּאַרלאַמענטען אלס מערקווירדיגע מאָנומענטען פון אונזערע פוסטע פּאַרלאַמענטאַרישע און זשורנאַליסטישע פלוידערייען, יענע פאַלשע פילאַנטראָפּיע, וועלכע מיט נדבות און מיט העבערען אָדער אראָבזעטצען דעם שטייער פון אימפּאָרט און עקספּאָרט, זוכען דאָס גרויסע און פורכטבארע פּראָבלעם פון דער סאָציאַלער פראַגע אויפצולייזען.

---

## דער קינסטלער אַלס פערהייראַטער מאַן.



ויב דער קינסטלער איז ניט קיין זשעניע, אָדער ער בעזיצט ניט קיין הארץ פון א מלאך, זאָלסט דו מיט איהם ניט הייראטען.

ווען ער איז נאָר א מיטעלמעסיגער קינסטלער, דאַן איז ער מעהר משוגע פון אלע משוגעים. אין דער צייט, ווען זיין קאָפּ וואנדערט ארום אין די העכערע וועלטען, אום דאָרט א שעהנעס אידעאל צו זוכען, און די שעהנע אידעאלען לאָזען זיך איהם ניט געפינען, שטעהט ער מיט די פיס טיעף אין עלענד, וואָס פערגיפטעט, און קנאה, וואָס פלאָגט די נשמה, אין דער כראָנישער אונצופרידענהייט, וועלכע פרעסט אויף די וואָרצלען פון לעבען.

דער מיטעלמעסיגער קינסטלער בעשולדיגט אַלעמען, נאָר ניט זיך זעלבסט וועגען זיין אונפעהיגקייט. ער ליעבט די פרויען יווי דער סרים און זוכט די בעריהמטהייט אויף די קרומע וועגען פון דעם ערסטען איינדרוק, וועלכען ער בעקומט פון א געוויסען געגענשטאַנד. ער בעגייסטערט זיך מיט א דומהייט, מיט א קליינינגקייט, ער פאַרקריכט אין יענע טונקעלע ווינקלען, אין וועלכע דער רוהם האָט נאָך קיינמאָל זיין פוס ניט אריינגעשטעלט. ער בעקלאָגט זיך שטענדיג, האָם ער איז א זשעניע, וועלכען די וועלט פערשטעהט ניט, האָטש ער האָט אין זיך קיין שפּור פון זשעניאַליטעט, און ווערט שטענדיג בייז ווי איינער, וואָס אלע פליעגען און אלע פלוי פון דער וועלט האָבען זיך צוזאמענגענומען נאָר איהם צו שטעכען און צו פּלאָגען.

און די דאָזיגע אלע פּאַראַזיטען, וועלכע בייסען און שטעכען איהם פון אַלע זייטען, טראָגט ער שטענדיג מיט זיך, און ווען ער קומט אַהיים לאַדעט ער זיי אָפּ אויף זיין פרוי, אויף זיינע קינדער און אויף אלע זיינע פריינד.

ער בעקלאָגט די אונגערעכטיגקייט פון אלע מענשען פון דער וועלט, וועלכע קענען ניט, אָדער ווילען ניט איהם פערשטעהן, ער פלוכט אויף די הערשאַפטען, וועלכע אַנערקענען ניט די קונסט פון זיין פענזיל און זיינע פאַרבען, און קויפען ניט זיינע בילדער. ער רייסט אַרונטער דעם גרויסען ראַפאַעל, בעצייכענט דעם בעריהמטען מיכעל אַנזשעלאָ אלס געשמאַקלאָזען פּאַרטאַטש, ער פערגלייכט זיך מיט דעם פון דער אינקוויזיציאָן פערדאמטען גאַלילעאוס און מיט דעם פון די גלהים פערשפּאָטעטען קאָלומבוס. ווען ער רעדט פון אנדערע גליקליכע קינסטלער, בעשפייט ער זיי מיט דעם גיפט פון זיין קנאה און פון זיין היסטערישען צאָרן.

ער איז א בייזער אונגליקליכער, א מפיל, וואָס ערלויבט זיך צו לעבען און וואָס האָט אין זיין לעבען נאָר איין אינהאַלט — קלאָגען און קללות.

*

אויף דער זשעניאַלער קינסטלער, אויף דער מיט דעם ליכטגלאַנץ פון רוהם געקרוינטער קינסטלער, איז פאַר דער פרוי א נעפעהרליכער מאַן, און אויב דו ביזט אייפערזיכטיג, דאַרפסט דו מיט

איהם ניט הייראטען, ווייל קיין מענש אין דער וועלט גיט ניט זיין פרוי אזוי פיעל אורזאכען צו אייפערזוכט ווי דער קינסטלער.

זיין ערשטע געליעבטע איז די קונסט און צוליעב דער קונסט לאָזט ער דיך שטענדיג בלייבען אין הינטערגרונד. ער איז אויך פון דער נאטור א פיעל־ווייבערניק, א פּאָליגאמיסט, עס איז איהם שווער, זעהר שווער, איין פרוי צו ליעבען און זי בעהאנדלען מיט אלע טעגליכע געצוואונגענע צערטליכקייטען, וועלכע די פרוי מוז האָבען ווי ברויט, ווי לופט, וועלכע זי אָטעמט.

בעדיינק נאָר די מאָדעל־מיידלאך און די מאָדעל־פרויען, וועל־כע ער האָט פערבאָרגען אין זיין קינסטלער־ווערקשטאט גאנץ נאקעט צו זעהן און בעטראכטען; בעדיינק אלע יענע שעהנע דאמען, וואָס לאָזען זיך פון איהם מאָלען און וואָס פערליבען זיך אזוי לייכט אין איהם, און וועלכע ער זעהט אזוי נאָהענט פון זיך און האָט זיי צו בעוואונדערען.

אמת, דו ביזט שעהן, יונג, פריש און בליהענד, אָבער דו ביזט דאָך נאָר איינע און קענסט ניט בעזיצען אלע רייצענדע שעהנהייטען, וועלכע ער מוז האָבען, אום זיין עסטהעטישען דורשט צו לעשען, יענער עסטהעטישער דורשט וואָס ווערט קיינמאָל ניט זאט, און וועלכער צורייסט און פערצעהרט איהם.

ווען איך וואָלט אלס קינסטלער אויף דער וועלט געקומען, וואָלט איך קיינמאָל ניט געהייראט. מיין איינציגע געליעבטע און מיין איינציגע פרוי וואָלט נאָר די קונסט געוועזען און וואָלט א ריינער און אָן אונשולדיגער געשטאָרבען ווי דער איטאַליענישער רוהם־געקרוינטער סקולפּטאָר קאנאָווא און ווי דער אונשטערבליכער קינסטלער מיכעל אנזשעלאָ.

# דער אינזשינער אַלס פערהייראַטער מאַן.



ער בערוף פון דעם אינזשינער איבט אויס אויף דעם גליקליכען לעבען נאָך דער חתונה א זעהר טונקעלען און שווער דעפינירבארען איינפלוס.

דער אינזשינער שפרייט אויס זיינע פליעגלען אזוי ווייט איבער דער וועלט פון דער מענשליכער טהעטיגקייט, דאָס ער נעהמט אָן פערשיעדענע פאָר־מען.

ווען ער בעגנוגענט זיך נאָר מיט דעם צורייבען פון מוילבעער־בוימען (זיידענבוימער) צו נומערירען, אָדער פעלדער, לאָנקעס און וועלדער אָבצומעסטען, איז ער נאָר אַן איינפאַכער פעלד־מעסטער.

זיצט ער אויף זיין שטוהל אין דער אייזענבאהן־ביוראָ, איז ער אַן איינפאַכער בעאַמטער, וועלכער האָט זיעבען אָדער אכט שטונדען אין ביוראָ צו בלייבען, און פאַר זיין פרוי לאָזט ער איבער אַלע מעלות און אַלע לאַנגווייליגקייטען פון זיין שווערע ארבייט.

אָבער ווען ער שטייגט ארויף צו דער הויכער מדרגה אַ גאַנצע אייזענבאהן, אָדער בריקען צו בויען, איז ער כמעט א קינסטלער און שטענדיג א געלעהרטער.

אויף גראַטטאַני, אויף סאַממיילער, אויף וואַטט און פולטאָן זיינען אינזשינערען געוועזען. אייפפעל און לעסעפּס — אויך אינזשינערען, און זיי אַלע וועלען אונשטערבליך בלייבען און האָ־בען, אָדער וועלען האָבען שטאַטוען און מאָנומענטען אויף זייערע קברים.

די גענענוואַרט געהערט צו אינזשינערען, די נאָהענטע און ווייטע צוקונפט וועלען אויך צו די אינזשינערען געהערען, און עס שטעהט פאַר זיי אָפען א האָריזאָנט, וואָס איז גרויס ווי די וועלט און העכער איבער אַלע הויכע שפּיצען פון דער קינפטיגער ציוויליזאַציאָן.

דערפאַר, מיין טאָכטער, ווען דיין פערעהרער וועט צו זיין אינ־זשינער־דיפּלאָם אויף גייסט און קענטנים האָבען, וועסט דו זיין

געזיכערט מיט וואָהלשטאַנד, און פיעליכט וועסט דו אויף רוהם און רייכטהום געניסען.

און מיין ראטה איז: דו זאָלסט פון אַלע פערשידענארטיגע אינזשינערען אויסוועהלען נאָר יענעם, וועלכען זיין בערוף און זיין שטעלונג צווינגען איהם אָפטע רייזען צו אונטערנעהמען און זעהר זעלטען צו־הויז צו זיין.

דאָס וועט דיר בעפרייען פון די גרויסע געפאַהרען, וועלכע איינפאָרמיגקייט פון לעבען בריינגען מיט זיך, און די גרעסטע גע־פאהר איז, וואָס די מאָנאָטאָניע און די לאַנגווייליגע מוזען אונפער־מיידליך די ליעבע פון דער פרוי צום מאַן אָבקיהלען. דאַגעגען, וועט די אָפטע אבוועזענהייט פון דיין מאַן דיין ליעבע צו איהם אין א געוויסען גראַד פון ווארעמקייט האַלטען, און יעדעם מאָל, ווען דיין מאַן וועט פון זיינע רייזען צוריק קומען, וועסט דו א נייעם „האָניג־מאָנאַט" געניסען.

ווען דיין מאַן וועט דיר דערצעהלען פון זיינע פאָרטשריטען, פון זיינע אונטערנעהמונגען, ווען ער וועט דיר ווייזען זיינע צייכ־נונגען און פּלאַנען, זאָלסט דו זיך פאַר איהם ניט ארויסווייזען אַלס אונוויסענד אין דער קונסט, פאַרקעהרט: ווייז איהם, אַז דו אינ־טערעסירסט זיך פאַר זיין ארבייט.

יעדע מענליכע ארבייט מוז, אום קרעפטיג און פרוכטבאַר צו זיין, פון דעם שאָטען פון דעם ווייבליכען געדאַנקען בעגלייטעט ווערען. ביי יעדען פון אונזערע געדאַנקען, ביי יעדער האַנדארבייט און קאָפּ־ארבייט, מוז די פרוי אונזער חבר'טע, אונזער בעגלייטערין זיין. זי איז דאָס זאַלץ פון יעדער פון אונזערע שפּייזען, די פּאָ־עזיע פון יעדע איינע פון אונזערע ארבייטען.

# דער דאָקטאָר אַלס פערהייראַטער מאַן.



פרוי, וועלכע וועהלט זיך אויס א דאָקטאָר פאר איהר מאַן, מוז איהם ניט איינמאָל, נאָר ד ר י י מ אָ ל ליעבען.

דער דאָקטאָר־בערוף איז פול מיט געפאהרען פאר דאָס הויזליכע גליק.

אויב דו ביזט אייפערזיכטיג, מוזט דו שטענדיג פאר די טרייהייט פון דיין מאַן בעזאָרגט זיין און ציטערען. ער האָט זעהר פיעל געלעגענהייטען צום זינדיגען און פיעל שטראָפ־לאָזיגקייט פאר זיינע זינד. דו מוזט א גרויסע, זעהר א גרויסע אכטונג צו איהם פיהלען, מוזט מעהר ווי זיכער אין זיין ליעבע צו דיר זיין, אום ניט צו שוועבען אין א שטענדיגע אויפרעגונג.

סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט קען ער אימער זיין הויז פער־לאָזען, און ניט אַלע, וואָס רופען איהם אַרויס פון הויז, זיינען קראַנקע; פיעלע פון די, וועלכע רופען איהם, פעהלט קיין זאַך ניט, נאָר דאָס הארץ איז ביי זיי אין א קראַנקען צושטאַנד.

ער קען אויך פערלאָזען די שטאָדט, אין וועלכע ער וואוינט, מיט דעם אויסרייד, אַז מען רופט איהם אַרויס מיט א טעלעגראַמע, אָבער דאָס איז ניט אַלע מאָל אמת.

אויב דו קענסט ווייך און צערטליך פיהלען, מיין טאָכטער, מוזט דו איהם אימער מיט ווייכהייט און צערטליכקייט בעהאַנד־לען, איבערהויפט אין יענע מאָמענטען, ווען ער קומט אהיים אין א שלעכטען הומאָר. אין אַזעלכע מאָמענטען מוזט דו אויסמיידען מיט קיין זאַך זיין שלעכטען הומאָר נאָך מעהר אויפצורייצען און דערצעהל איהם ניט קיין טרויעריגע פאַסירונגען אין דיין אייגענעם הויז און אויך ניט אין פרעמדע הייזער.

דיין מאַן, דער דאָקטאָר, לעבט שטענדיג צווישען וואונדען און שמערצען. ווי אָפט קומט ער אהיים פון א שטערבענדען קראַנ־קען, אָדער ער האָט ערסט ניט לאַנג א קרעבס בעהאַנדעלט, עס הערט זיך פון איהם דער גערוך פון יאָדאָפאָרם אָדער וויטריאָל,

און דו קענסט ביים עס־טיש גאָר ניט־ווילענדיג דענקען, אַז מיט דער האנד, מיט וועלכער ער שיילט דיר אַפּ אַן עפּיל, איז די זעל־ביגע האנד, מיט וועלכע ער האָט ניט לאנג צוריק געהאַלטען די געדערים פון אַ טויטען, אָדער די זעלביגע האנד האָט ערסט ניט לאנג אַ בייזען געשוויר אפּעריט.

פריהער פאַר אַלץ מוזט דו דענקען אָן די געפאַהרען, אין וועלכע ער שוועבט ביי דער בעהאנדלונג פון געפעהרליכע און אנ־ישטעקענדע קראַנקהייטען. ווען דו האָסט אַ צאַרטפיהלענדען חוש, אָדער אַ צו־פייערדיגע פאַנטאַזיע.

זאָלסט קיינמאָל ניט הייראַטען מיט אַ דאָקטאָר, וואָס האָט וועניג גייסט און וועניג בילדונג, וואָס איז שטענדיג געצוואונגען אין דעם זומפּ פון מיטעלמעסיגקייט צו לעבען. ער איז עהנליך צו דעם ניט־פערשטאַנענעם קינסטלער אין דעם גרויסען מענשליכען ווערקשטאַט.

אין דער דאָקטאָר־פּראַקסיס פיהלט מען זיך גוט נאָר אין די לאַזשען פון ערשטען ראַנג. די אונטערשטע אָרקעסטער־פּלעצער זיינען אַ געפענגניס, די גאַלעריע — קאַטאָרזשנע אַרבייט.

דער קריעג צווישען די קאָלעגען, די אונדאַנקבאַרקייט און די פּרעטענזיעס פון די קראַנקע, די סביבה פון שמערצען, אין וועלכער מיר מוזען לעבען, מאַכען אונזער מעדיצינישע קונסט פאַר דעם שווערסטען בערוף. מיר האָבען שטענדיג צו וואַנדערען איבער אַ וועג פון דערנער, און מיר קענען נאָר דאַן זיך ערהויבען צו אַ ריי־נערע ספערע, ווען די ליעבע פון די מענשען דערוואַרעמט אונז און ווען מיר האָבען זיכערע אויסזיכטען אויף עהרע און רוהם.

נאָר דאַן קען די יונגע ק ל אָ ט ה י ל ד ע זיך גליקליך פיהלען, דאָס זי איז די געליעבטע און די חבר׳טע פון דעם דאָקטאָר פּ אַ ס ק אַ ל *, נאָר דאַן קען זיך אַ פרוי, וואָס בעזיצט האַרץ און גייסט, גליקליך שעטצען, דאָס זי איז אַ פרוי פון אַ דאָקטאָר.

פיעלע פרויען, וועלכע חלומ׳ען אין זייערע מיידעלשע חלומות

*) „קלאָטהילדע“ און „פּאַסקאַל“ זיינען די נעמען פון די צוויי ראָמאַן העלדען אין עמיל זאָלאַ׳ס בעריהמטען ראָמאַן אונטער דעם טיטעל: „דאָקטאָר פּאַסקאַל“.

צו ווערען דאָקטאָרשעס אָדער באַרמהערציגע שוועסטער (נוירסעס), געפינען אַן אינדירעקטען וועג צו זייער וואונש, ווען זיי הייראַטען מיט דאָקטוירים. זיי זיינען שטאָלץ און גליקליך ביי דעם בעוואוסטזיין, דאָס זיי קענען ניט נאָר אין די געדאַנקען, אויך מיט טהאַט און מיט אָפּפער זייערע מענער בעגלייטען, און די ־אַזיגע טהעטיגקייט איז אָפטמאָל אַ הייליגע מיסיאָן, אַן אַפּאָסטאָלישער אַמט, און אָפטמאָל אַ מאַרטיריום. זיי פיהלען זיך גליקליך, ווען זיי קענען דעם מאַן טרויסטען, ווען ער קומט אַ היים טרויסטלאָז איבער דער אונדאַנקבאַרקייט פון די מענשען, אָדער איבער די אָהנמאַכט פון דער וויסענשאַפט, וואָס פילט־אַן זיין האַרץ מיט ביטערקייט און זיינע אויגען מיט טרעהרען.

ווי אָפט האָט מיר דיין גוטע מוטער דעם מאַנגעלנדען מוטה די מעדיצינישע פּראַקסיס ווייטער צו פאָרטזעצען, אַנגעפייערט און געשטאַרקט! ווי אָפט האָט זי מיר דעם ווייטען און ליכטיגען ציעל געצייגט און אַז עס איז איהר געלונגען, דאָס איך האָב מיין בערוף געבענשט, דעם בערוף, וועלכען איך האָב מיר פריייוויליג אויסגעוועהלט, און וועלכער איז מיר אין די ערסטע יאָהרען אַלס מאַרטירערטום פאָרגעקומען, אויף וועלכע וועגען איך האָב נאָר דערנער און שטרויכעל־שטיינער געזעהן — איז זי העכסט גליקליך געוועזן.

זי האָט זיך ניט נאָר מיט מיר בעשעפטיגט, זי האָט זיך אויך מיט מיינע פּאַציענטען בעשעפטיגט און פלעגט מיך אָפט צו מיינע קראַנקע בעגלייטען אין די אָרעמע הייזלאַך פון די דערפער, אין די פינסטערע און גליטשיגע קעלערען פון די פאָרשטעדט, דאָרט, וואו אָרמוט, מאַנגעל און ביטערע נויט האָבען זייער פינסטערען נעסט אויסגעבויט, דאָרט וואו די טרייסט פון מיטלייד און די הילף פון באַרמהערציגקייט זיינען נויטיגער געוועזן אַלס די הילף פון דער קונסט.

זי איז געוועזן מיין טרויסט־מלאך ביי מיר צו־הויז, מיין פערבינדעטע ביי דער מילדער טהעטיגקייט אויסער דער הויז, און נאָר צוליעב איהר האָב איך אַזוי אָפט ברכות און דאַנקבאַרקייט בעקומען און צוליעב איהר בענש איך מיין שווערע, טונקעלע, פון יעדען מאָראַלישען עלענד און פון אַלע פיזישע שמערצען געפּלאַגטע קונסט.

איהר האַרץ איז געוועזן אַ רייכער אוצר פון ליעבע צו מיר,

און די דאָזיגע ריינע אידעאַלע ליעבע, דיין פון יעדען עגאָאיזמוס און אימער בערייט אָפּפער צו ברייגנען, האָט תמיד אויסגעפונען מיטלען און וועגען יעדע שוויריגקייט און יעדע הינדערנים פון מיין וועג אָבצוראַמען, מיין צוזאַמענברעכענדע קראַפט אויפצוהויבען און מיין ערקאַלטעטען מוט אָנצופייערען. אימער, ווען איך בין געבויגט, געבראָכען און טיעף בעליידיגט פון מיינע שורקישע קאָנ־קורענטען, אָדער ברוטאַל פון מיינע פּאַציענטען אהיים געקומען, האָט זי דורך טרויסט־ווערטער, דורך צערטליכקייטען און דורך שטענדיג־נייע אויסברוכען פון איהר גרויסמוטיגער האַרץ מיינע אינערליכע מאָראַלישע וואונדען ווי מיט א היילענדען באַלזאַם צוגעדעקט און די ווייטאָגען געשטילט.

עס איז אזוי ווייט געקומען, דאָס דער געגענגיפט, וועלכען זי האָט מיר איינגעגעבען, איז מיר אזוי זיס געוואָרען, דאָס איך האָב אָנגעהויבען פערלאַנגען נייעם גיפט, אום דאַן אין דעם שטילען און פריעדליכען נעסט פון מיין הויז די זיסערע צערטליכקייטען און דעם זיסען טרויסט פון דער ליעבענדער פרוי צו עמפּפאַנגען.

— אָבער ליעבסט דו דען ניט די שוויעריגקייטען פון דיין פּראָפעסיאָן ? — פלעגט זי אָפט צו מיר זאָגען — דו האָסט דאָך צו דיין אייגענער עהרע די שוויעריגסטע פון אלע פּראָפעסיאָנען אויסערוועהלט, און גראַדע דיין קונסט, דיין וויסענשאַפט, וועט דיר דעם אדעלס־פּאַטענט ברייגנען, און דער לויהן פאַר דיין ארבייט וועט אַלץ העכער און גלענצענדער זיין, וואָס שווערער און ווילדער דער קאַמפּף איז געוועזען. אין דעם הינטערגרונד פון דיין שווערען און דאָרניגען וועג וועסט דו די העכסטע פון אלע מענשליכע בעפריע־דיגונגען געפינען, וועלכע וועלען דיר געבען אזוי פיל ברכות, ווי־פיעל שמערצען דו האָסט מיט דיין קענען און וויסען געלינדערט, וויפיעל טהייערע לעבענס דו האָסט פון טויט געראַטעט, און אפשר האָסט דו דערביי אויך פאַר די קאַרגע מעדיצינישע וויסענשאַפט נייע ענטדעקונגען געמאַכט, נייע ערפינדונגען און נייע הילפסקוועלען פאַר דער ליידענדער מענשהייט אויפגעעפענט.

און דיין גוטע מוטער האָט רעכט געהאַט, ווייל ווען די לייכטע פּאָזיציאָנען פון א לעבען ווערען גענומען אָהן ווידערשטאַנד, ווען מען האָט צו פיהרען א קאַמף אָהן א געגנער, וואָס קען אונז שטאַרקע

שמערצען פעראורזאַכען, דאַן איז אונזער זיעג אָהן פריידען און אָהן בעפריעדיגונג.

ניט מיר האָבען די וועלט געמאַכט; מיר מוזען זי נעהמען ווי זי איז, און זי, די וועלט, וויל, אַז עס זאָל ניט זיין קיין זיעג אָהן אַ קאַמפּף. ווען מען זאָגט זיך אָב פון דעם קאַמפּף, האָט מען קיין רעכט אויף די טראָפּהעען פון דעם זיעג.

איך האָב דיר, מיין טהייערע עממאַ, ביי דעם דאָקטאָר־בערוף ביידע זייטען פון דער מטבע געוויזען; צוויי זייטען, וואָס שטעהען אין אַ שטאַרקען קאָנטראַסט איינע צו די אַנדערע, אַ קאָנטראַסט וועלכען דו וועסט שווערליך געפינען אין אַן אַנדער סאָציאַלער שטע־לונג.

יעצט איז עס דיין זאַך ביידע זייטען פון דער מטבע צו בע־טראַכטען און צו אורטהיילען, אויב דו האָסט דעם מוטה, דאָס שלעכטע אָנצונעהמען מיט דער האָפנונג אויף דאָס גוטע צו ער־ווערבען.

אָבער אויף יעדען פאַל ראַט איך דיר קיינמאָל ניט צו הייראַטען מיט אַ מיטעלמעסיגען דאָקטאָר.

---

## דער אַדוואָקאַט אַלס פערהייראַטער מאַן.



ען מען זאָל מיך פרעגען, וועלכע נאַציאָן שטעהט אין דער מענשליכער מאָראַל העכער פון אַלע אַנדערע נאַציאָנען, וואָלט איך גלייך געענטפערט:

— יענע נאַציאָן, וואָס האָט די קלענסטע צאָהל אַדוואָקאַטען.

ניט ווייל די אַדוואָקאַטען שטעלען מיט זיך פאָר די אונזיטליכקייט פון אַ פאָלק, און דאַרום דאַרף מען זיי אין איין רייהע מיט גנבים, מיט מערדער און מיט אַלע אַנדערע דזשענערירטע קרעאַטורען פון דער מענשהייט אָוועקשטעלען. ניין, נאָר דערפאַר, ווייל זיי לעבען נאָר פון דער אונזיטליכקייט פון זייערע פערדאָר־בענע מיט־מענשען. זיי זיינען די באַצילען פון דער סאָציאַלער קאָרופּציאָן.

אַ געזונטע געזעלשאַפט קען אויסקומען אָהן דאָקטוירים, און

א אידעאל־מאראלישע געזעלשאפט דארף ניט האבען קיינע אדוואַ־קאטען, קיינע זשאנדארמען און קיינע סאלדאטען.

אלע די דאזיגע באצילען פון א פיזיש אדער מאראליש קראנ־קער וועלט מוזען אין א קרעפטיגערע, געזינטערע און מעהר מאַרא־לישע געזעלשאפט פערשווינדען. כ'וועל אין דעם דאזיגען הייליגען גלויבען שטארבען און דו וועסט עס צו דיינע קינדער איבערגעבען.

און אין דער צייט, ווען מיר קוקען מיט אונזערע אויגען מיט האפנונג אין א בעסערע און זעהר ווייטע צוקונפט, האבען מיר די אדוואקאטען און דערצו נאך פיעלע, זעהר פיעלע, צו־פיעל, אזא מענגע, האס זיי זיינען געצוואונגען, ווייל זיי קענען ניט גענוג זינ־דיגען שטאף צו געפינען אין די עפענטליכע זיטענלאזיגקייט שאפט זיי אויך ניט אלעם וואס זיי דארפען האבען צו זייער עקזיסטענץ — צו בעשאפען דעם שטאף, דעם מאטעריאל, די שטרייטיגקייטען, וואס מוזען אין די געריכטסהייזער פערהאנדעלט ווערען און פון אדוואַ־קאטען פערטהיידיגט ווערען, אדער זיי ברעכען איין אין די פעלדער פון דער פאליטיק און פערגיפטען אויך יענע פעלדער מיט זייערע גיפטיגע מיקראבען.

איז עס ניט צו בעדויערען, דאס ביי פיעלע פון אונזערע אונ־ערטרעגליך שארפע געזעצען, ביי אזוי פיעל אונגערעכטע אויסוויי־זונגען פון בירגער פון אונזער לאנד דורך דער אונגעשיקטהייט און אונפעהיגקייט פון אונזער פארלאמענט, האבען מיר נאך ניט קיין איינציגען מיניסטער, וועלכער זאל זיין אזוי קלוג און זאל האבען דאס ביסעל מוט, צו שטעלען אין פארלאמענט דעם אנטראג די אדוואקאטען פון פארלאמענט אויסצושליסען ?

ווארום ?

ווייל דער מיניסטער פאר אינלענדישע אנגעלעגענהייטען איז כמעט אימער אן אדוואקאט, ווייל די דעפוטירטע זיינען צום גרעס־טען טהייל אדוואקאטען און ווייל זעלבסטמארד איז א פערברעכען !

און דאך וואלט די אויסשליסונג פון די דעפוטאטען פון פאר־לאמענט גענוג געוועזען, אום די פארלאמענטארישע אטמאספערע צו מאראליזירען, צו רייניגען, אום זי ווידער געזונד צו מאכען און דאס לעבען פון אונזער שוין לאנג קראנקען פארלאמענטאריזמוס צו פערלייננגערען.

אָבער איך, מיין קינד, איך דאַרף דיר דעם אדוואָקאַט נאָר אַלס פערהייראַטען מאַן בעשרייבען, און אַדוואָקאַטען זיינען דאָ זעהר פיעל און ווי אַלע מענער האָבען זיי אויך אַ רעכט אַ פרוי צו נעהמען.

די אדוואָקאַטוריע, דער בערוף פון דעם אדוואָקאַט, האָט, אַן און פיר זיך, אַ קליינעם איינפלוס אויף דאָס גליק אין דעם פערהייראַטען לעבען.

דער אדוואָקאַט איז געוועהנליך אַ געבילדעטער, אין מענשליכען פערקעהר אַן ערפאַהרענער און על פּי רוב אַ בערעדזאַמער מאַן, וועלכער וועט אויך אין דער ליעבע וויסען זיך צו בענוצען מיט ווערטער ווי מיט וואַפען. ער איז קלוג גענוג, אום אַ שעהנע שפּראַך ביי יעדער אַנגעלעגענהייט אָנצואווענדען.

אָבער די אַדוואָקאַטען זיינען לייכט געניינט די ווארהייט מיט דעם ליגען צו פאַרבייטען, ווייל ביידע, אי די ווארהייט, אי דער ליגען, זיינען גלייך גוט אין געריכטס־זאַל אָנצואווענדען, אום צו־ליעב זייער אייגענעם פּראָפיט אַנדערע מענשען עטוואָס איבערצו־ציינגען, פון וואָס זיי זיינען אַליין ניט איבערצייגט.

ער זאָגט ליגען, ער טרעט די ווארהייט מיט די פיס, ער שווינדעלט, ער מאַכט שוואַרץ פון ווייס און ווייס פון שווארץ, ווייל דאָס געהערט נאַטירליך צו זיין בערוף, צו זיין פּראָפעסיאָן, און אין גרונד הארצען קען ער אַ גאַנץ אַנשטענדיגער און ווארהייטס־ליעבענדער מאַן זיין. אַן אדוואָקאַט מוז אַ גנב, אַ פעלשער, אַ מערדער פערטהיידיגען, און דאָך דאַרף ער אין זיין הארץ די גנבה דעם מאָרד און די פעלשונג פערדאַמען. ער איז ווי דער דראַמאַטישער קינסטלער, וועלכער איז ניט קיין טיראַן, ווייל ער שפּיעלט די ראָלע פון דעם קעניג לואיס דעם עלפטען, אָבער די ראָלע פון יאַאַן גראָזשני, אָדער די ראָלע פון פראַנץ מאָאָר.

אָבער די דאָזיגע גייסטיגע גימנאַסטיק, דאָס דאָזיגע שטענדיגע בענוצען זיך מיט פערדרעהען דעם ליגען אין ווארהייט, די דאָזיגע געשיקליכקייט און אויסשטעלען נעטצען מיט אַ פיינע בערעדזאַמקייט, אום אין געריכטס־זאַל אַלס פערטהיידיגער איבער דעם פּראָקוראָר צו זיעגען — פיהרען דעם אדוואָקאַט צו דעם, דאָס זיין בעוואוסטזיין, אָדער זיין בעגריעף, פון גוט און שלעכט ווערט פערטונקעלט, דאַן פערוועקסעלט ער איינע אויף די אַנדערע, ווייל

ער איז געצוואונגען ביי זיינע פערטהיידיגונגען שטענדיג איבער־צוגעהן פון רעכטס אויף לינקס, אָדער פערקעהרט, ווי עס פאסט איהם בעסער זיין ציעל צו עררייכען.

דארום זאָלסט דו, מיין טאָכטער, אימער האָבען א חשד אויף דער בערעדזאמקייט פון די אדוואָקאטען, ווען זיי ווענדען זי אָן, אום דיר א ליעבעס־ערקלערונג צו מאכען. זוך שטענדיג דעם מ ע נ ש ע ן אין דעם א ד ו ו א ק א ט ארויסצוגעפינען. איך, פון מיין זייט, האָב פון זיי שמערצליכע ערפאהרונגען געמאכט, ווייל איך בין געצוואונגען געווען זיי מעהר ווי איך האָב עס געוואונשען צו געברויכען.

פיעלע אדוואָקאטען, אויך אונטער די געשיקטעסטע פון זיי, וואָס ווייסען אין שוויעריגע פאלען אין זייערע פערטהיידיגונגען זיך צו בערופען אויף די אָדער יענע פאראגראפען אין געזעץ־בוך, אָדער צו ציטירען געוויסע ענטשיידונגען פון העכערע געריכטס־הייזער, אום זייערע קליענטען פון שטראָף צו בעפרייען — פיהלען זיך איבערגליקליך, ווען זיי קומען צוריק צו זייערע פאמיליען מיט דעם נחת אין הארצען, האָס זיי האָבען די ליגען און דעם שווינדעל דאָרט אין געריכטס־זאאל איבערגעלאָזען און קענען יעצט, אויף א געוויסער צייט עהרליך און אנשטענדיג זיין.

דאָרט, אין די אָרעמס פון א הייסגעליעבטע פרוי, ביי דעם פרייליכען לאכען פון זיינע קינדער, אָטעמען זיי מיט פולע לונגען די ריינע אטמאָספערע פון דער וואהרער ווירקליכקייט, יענע אט־מאָספערע און יענע ווירקליכקייט, וואָס איז ניט בעשמוצט און פעראונרייניגט פון ליגען און שווינדעל.

דאָרט, אין זייער אייגענער הויז, דארפען זיי ניט די ליגען און דעם שווינדעל אלס וואפען געברויכען, אויך ניט די ריכטער, די צוועלף געשוואָרענע און דאס פובליקום מיט דעם בענגאלישען פייער פון א היציגע בערעדזאמקייט צו בערוישען, אָדער מיט פאל־שע טרעהרען די מאסע אָבצונארען.

דאָרט אין זיין אייגענע היים, ליעבט אויך דער אדוואָקאט און וויל געליעבט זיין. דאָרט דאַרף ער ניט טראָגען זיין אדוואָקאטען־מאנטעל און פיהלט זיך גליקליך ווי אלע אנדערע מענשען וויעדער א מענש צו זיין, ניט אנדערס אלס מ ע נ ש.

# דער ליטעראַט אַלס פּערהייראַטעטער מאַן.



עם ליטעראַט וואָלט איך אייגענטליך געדאַרפט אוועקשטעלען אין איין רייהע מיט דעם קינסטלער, מיט וועלכען ער האָט אייניגערמאַסען א כאַראַק־טער־פערוואַנדשאַפט; אָבער ווייל ער האָט אין זיך אייגענעס כאַראַקטעריסטישעס, און אויסערדעם, ווייל פיעלע ליטעראַטען זיינען דורכאויס קיינע קינסטלער, וועל איך דיר איהם אַלס בעזונדערע פערזענליכקייט בעשרייבען.

די עהנליכקייט, וועלכע דער פעדער־קינסטלער האָט מיט דעם פאַרבען־ און פּענזיל־קינסטלער, ליעגט נאָר אין דעם פּונקט, דאָס ביי ביידען איז יעדע מיטעלמעסיגקייט פערבאָטען און אויסגעשלאָ־סען. ביידע, דער מאַלער, אָדער דער סקולפּטאָר, און דער ליטע־ראַט, מוזען גאַנצע קינסטלער זיין.

מען קען און מען מוז אָפּט ברויט עסען, אפילו אויך דאַן, ווען דער ברויט איז שלעכט, ווייל ברויט איז א נויטווענדיגקייט; אָבער די קונסט איז א לוקסוס־געגענשטאַנד און דער לוקסוס מוז אין אַלע זיינע ליכטיגע און פּרעכטיגע פאַרבען לייכטען.

די פּאָעטלאַך, די שרייבערלאַך און די פּערפאַסערלאַך זיינען די קאַרליקעס פון געדאַנקען, די סקראָפּעל־קראַנקע אין דער קונסט און אויסער מיטלייד קענען זיי מיט קיין זאַך אין אונז ניט דער־וועקען, סיידען עס געלינגט זיי מיט זייערע א „שרייבאַכץ" אונז צום לאַכען צו ברייננגען.

אַמאָל האָט מען אויף דאָס פּערפאַסען א בוך אַלגעמיין געקוקט ווי אויף א העראָאישע אונטערנעהמונג. צום וועניגסטען א יאָהר צייט האָט עס געדויערט, ביז דער פּערפאַסער האָט פאָלשטענדיג די טהעמאַ אויסגעדאַכט. איניגע יאָהר צייט האָט עס גענומען די טהעמאַ שריפטליך אויף דעם פּאַפּיער אויסצואַרבייטען, און דאַן, פאַר דער קריטיק, האָט ער געוואַגט די פרוכט פון זיינע געדאַנקען נאָך א לאַנגע צייט פון אונגעוויסהייט און נאָך ענדלאָזע אַנגסטען

און וויסען אין דעם שטורעמדיגען ים פון דער עפענטליכקייט אריינצואווארפען.

היינט פערפאסט מען א בוך מיט דערזעלביגער לייכטיגקייט, מיט וועלכער מען שפּיעלט א פּארטיע פּאָוקער, און די פערפאסער וואקסען ווי די שוועמלעך אין וואלד און שפּרינגען ארויס פון דער ערד מיט א וואהרע ווילדע בעטרונקענהייט פון אונערמידליכער פרוכטבארקייט.

פּערזען, זשורנאלען און ראָמאנען שפּראָצען ארויס אויף די בייטען פון א קראנקער פאנטאזיע, אָדער אויף די פעלדער פון דער אלגעמיינער אונקענטניס, אין די הונדערטער, אין די טויזענדער; די ביבליאָגראפישע נאָטיצען איבער די דאָזיגע שוואַטצערייען בילדען גאנצע בענדער און די קריטיק האָט גאָר ניט נויטיג זיך די מיהע צו געבען, די דאָזיגע אלע געדאנקענלאָזע פּראָדוקטען און ניט־צייטיגע פרוכטען זיי צו בעערדיגען אויף דעם בית־עולם פון קריטיק, ווייל מיט דעם וועלען זיי זיך זעלבסט טויטען און זעלבסט בעגראָבען.

עס איז אַן אלגעמיינער געזעץ, דאָס די שטערבליכקייט שטעהט אין דירעקטער בעציהונג צו דער פרוכטבארקייט, און אין די פאַמיליען, אין וועלכע עס ווערען צו־פיעל קינדער געבאָרען, האָבען די קברות־לייט און די גלחים פיעל צו טהאָן.

דארום, מיין טאָכטער, זאָלסט דו קיינמאָל ניט הייראַטען א מיטעלמעסיגען ליטעראט. דו וועסט ליידען פון ברויט־מאנגעל, און וואָס נאָך גרויזאמער איז, דיין דאָרשט נאָך רוהם און עהרע וועט קיינמאָל ניט בעפריעדיגט ווערען.

עס איז גאָר קיין ספק, אז די שטעלונג פון דער ליטעראטור איז ביי אונז אין א קלעגליכען צושטאנד, אין אזא טרויעריגען צו־שטאנד, דאָס די זשעניאלע שריפטשטעלער, וועלכע לעבען נאָך פון זייער פעדער, זיינען ביי אונז אין איטאליען אזוי זעלטען, דאָס מען קען זיי מיט די פינגער פון איין האנד איבערצעהלען. און אויך די דאָזיגע וואהרע קינסטלער האָבען א לאנגעס און שווערעס מארטירערטום דורכגעמאכט, ביז זיי האָבען רוהם און פערמעגען ערוואָרבען.

די מעהרסטע, אויך די בעסטע אונטער זיי, זיינען געצוואונגען א לעהרער־שטעלע צו זוכען, אָדער זיך פערנעהמען מיט דעם זשור־

נאַליזמוס, אום דעם טעגליכען ברויט און עפּעס וואָס צום ברויט פאַר דער פאַמיליע צו פערדיענען.

דער ליטעראַט טראָגט אריין אין דער סביבה פון זיין פאַמיליע מעהר בלומען און וועניגער פרוכט; אָבער אויך בלומען זיינען זעהר שעהן, און דו וועסט שעהנע, פּאָעטישע שטונדען פערברייגנען, ווען דיין מאַן, דער ליטעראַט, וועט דיר פאָרלעזען די לעצטע בלעטער פון זיינע שריפטען, וועלכע זיינען נאָך וואַרם פון דער ליעבע מיט וועלכע ער האָט זיי געשאַפען און ווי גליקליך וועט ער זיך פיהלען, ווען ער וועט אין דיינע אויגען זעהן דעם גלאַנץ פון פרייד און אנערקענונג.

זיין בילדונג וועט אין די געשפּרעכען פון דער פאַמיליע זעהר פיעל אידעאַליזמוס אריינטראָגען און דו און דיינע קינדער וועלען איינאָטעמען אַ לופט, וואָס איז עהנליך צו דער פריהלינגס־לופט. פיליכט וועט איהר דערביי פיהלען, דאָס די גרעסטע לעבענס־פריידען זיינען אימער יענע, וועלכע קאָסטען זעהר ביליג, און פון זיי שפּראָצען ארויס די גאַנצע געדאַנקען־פּאָעזיע און די זיסקייטען פון געפיהל.

דארום, מיין טאָכטער, קענסט דו הייראַטען מיט אַ ליטעראַט, אָבער ער מוז אַ גרויסער ליטעראַט זיין!

---

## דער געלעהרטער אַלס פערהייראַטער מאַן.



ער פערהייראַטער געלעהרטער איז תמיד געווען אַ מין מאַגנעט, וואָס האָט די ראָמאַנען־שרייבער און די קאָמעדיען־דיכטער צו זיך שטאַרק אָנגעצויגען. אויך דער גרויסער באַלזאַק האָט דעם געלעהרטען אָוועקגעשטעלט אין זיינע ווערק אַלס אויסערוועהל־טען.

אָבער דער געלעהרטער פון אַלטען מין הויבט אָן צו פערשווינ־דען, און אין איינינגע יאָהר צייט וועט דער אַנטהראָפּאָלאָג (דער פאָרשער, וואָס בעשעפטיגט זיך מיט דער וויסענשאַפט איבער דעם קערפּער און גייסט פון דעם מענשען) דעם געלעהרטען אין זיין קאַ־

טאָלאָג פערצייכנען מיט דער צושריפט: „אַן אויסגעשטאָרבענער מין“.

דער געלעהרטער איז על פּי רוב געווען אַ שמוציגער, כמעט שטענדיג אַ צערשטרייטער מענש, וואָס האָט זיך מיט קיין זאַך ניט בעשעפטיגט ווי נאָר מיט זיינע אינזעקטען, מיט זיינע פּלאַנצען, מיט זיין לאַבאָראַטאָריום, אָדער מיט זיינע אַלטע היסטאָרישע מטבעות, און פאַר דער איבריגער וועלט האָט ער ניט עקזיסטירט.

ער נעהמט אַ ווייב, ווייל די היגיענע פאָדערט עס, אום דאָס געזונד צו היטען, אָדער צו האָבען אימיצען ביי זיך אין הויז, וועד עס זאָל אויף זיין הויז אכטונג געבען, און ער גלויבט ווי אין אַ הייליגען לעהר־זאַץ, דאָס די פרוי מוז איהר מאַן טריי זיין, אַזוי לאַנג ווי דער מאַן ווערט דער פרוי ניט אונטריי.

אויב עס איז ווען אויף דער וועלט אַ גאַנץ גליקליכער מענש געווען, איז דאָס קיין אנדערער ווי נאָר דער געלעהרטער, אָבער די, וואָס לעבען מיט איהם צוזאַמען, מאַכט ער ניט גליקליך. אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט, וואָס שפּיעלט נאָר איין טאָן, קען מיט קיין אָרקעסטער ניט מיטהאַלטען.

אין היינטיגע צייטען בעשעפטיגט מען זיך מיט די וויסענשאַפטען און מען פערגעסט דערביי ניט, דאָס מען איז אַ מ ע נ ש, און האָס די מיטגליעדערשאַפט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט ליינט אויף אונז אַרויף די פליכט, ריינליך און העפליך געגען אַלעמען און געגען די פרויען גאַלאַנט צו זיין.

אין היינטיגע צייטען קאָן מען זיין אַ מיטגליעד פון מעהרערע אַקאַדעמיען, און דערביי ניט לאַנגווייליג צו זיין; מען קען האָבען אַ לעהר־שטוהל אין די העכסטע אָדער אין די וויניגער פּאָפּולערע וויסענשאַפטען, און עס איז גאָר ניט נויטהיג דערביי פּעדאַנטיש אָדער קליינליך און געשמאַקלאָז צו זיין; מען קען די פליעגלען פון אַ שמעטערלינג אָדער די ליינג פון אַ מיקראָב גאַנץ גענוי אָבמעסטען, די זייטען פון אַ קריסטאָל אָדער די ברייטקייט פון דער זון גענוי בערעכענען, און מען דאַרף דערביי גאָר ניט גלויבען, אַז די גאַנצע וועלט מוז אַריינגעקוועטשט ווערען אין דעם איינגען קרייז פון אונזערע שטודיען.

דער הויפּט־כאַראַקטערצוג פון דעם מאָדערנעם לעבען בעשטעהט אין דעם, דאָס ער קען זיך בעוועגען אין אַלע ריכטונגען,

נאָך אויבען, נאָך אונטען, נאָך רעכטס, נאָך לינקס, אין די טונ־קעלסטע ווינקלען און אין די טיעפסטע שיכטען. איבעראל, וואו דער מאַן אָטעמט און די פרוי זיפצט, דרינגט אריין דער געדאנקען פון אלעמען, און קיינער קען ניט אויסמיידען דעם דאָזיגען שטראָם, וואָס לויפט דורך דער וועלט נאָך דער לייגג פון די טעלעגראפישע דראָטען, און וועלכער עס ציטערט אין יעדען בלאט פון א בוך, אָדער אין יעדער שפאלט פון א צייטונג.

עס זיינען היינט אזוי פיעל פארקאנעס דורכגעריסען, אזוי פיעל אייזערנע ווענד דורכגעבראָכען געוואָרען, דאָס עס וועט היינט א מענשען אונמעגליך זיין, זיין אייגענעס לעבען צו לעבען. יעדער איינער פון אונז לעבט אין אלעמען און עטוואָס פון אלעמען לעבט אין אונז.

איינער, א פילאָזאָף פון דער אלטער וועלט, האָט אויסגע־שפראָכען דעם וואונש, דאָס אלע הייזער זאָלען געבויט ווערען פון גלאָז, כדי מען זאָל קענען זעהן, וואָס עס געהט פאָר אין דעם פריוואטען לעבען פון אלע מענשען. מיר, היינטיגע מענשען, האָבען מעהר און בעסערעס געטהאָן און האָבען דעם טרוים פון יע־נעם אנטיקען פילאָזאָף וויט איבערטראָפען. מיר האָבען דעם שטראָם פון אונזער אלגעמיינעם לעבען געלאָזט איינדרינגען אין די הייזער פון די מענשליכע פאמיליען, און ניט צושטערענדיג די איינצעלנע פערזענליכקייט, האָבען מיר פון דעם א לעבעדיגען און אָטעמדיגען גליעד פון דעם גאנצען מענשליכען אָרגאניזמוס גע־מאכט.

זיך שטיצענדיג אויף די דאָזיגע אלע ארגומענטען, קען אויך דער געלעהרטער אָן אויסגעצייכענטער מאַן פאָר זיין פרוי און א גוטער פאָטער פאָר זיינע קינדער זיין. און ער איז דאָס אויך אָפט אין דער ווירקליכקייט און פיעל לייכטער אלס דער קינסטלער און ליטעראט.

וועה, ווען דער געלעהרטער האָט ניט אין זיך א פייערדיגע און קיינמאָל ניט זאט ווערענדיגע ליידענשאפט צו דער וואהרהייט, ווען ער מוז זיך דורך דעם לאנגען וועג, אויף וועלכען ער האָט גאָר־נישט געפונען און גאָרנישט ענטדעקט, צוריק אומקעהרען און דעם לאנגען און שווערען וועג נאָך איינמאָל דורכוואנדערען, און דריי מאָל וועה איז איהם, ווען ער ווערט דורך דעם ענטמוטיגט! וועה

איז איהם, ווען ער ליעבט ניט זיינע אינזעקטען, זיינע פלאַנצען, זיין לאַבאָראַטאָריום און זיינע אַלטע מטבעות ווי זיינע פריינד, ווי זיינע בלוט־פערוואַנדטע! אין אַזאַ פאַל וואָלטען מיר אין אונזער וועלט גאָר קיינע געלעהרטע געהאַט.

און ווייל זיין לעבענסוועג איז אַזוי דערנערדיג, שטיינערדיג און אונפּאַסירבאַר, ביינקט ער, ווען ער פערלאָזט זיין מוזעאום, אָדער זיין לאַבאָראַטאָריום און קומט אַהיים, נאָך צערטליכקייט, נאָך פּאָעזיע, נאָך עטוואָס דופטיגעס און יונגעס, וואָס זאָל איהם נאָך דער לאַנגער אַרבייט ערפרישען און אַריינבריינגען אין אַ נייער וועלט. און דאָס בעקומט ער, ווען ער ווערט אַרומגערינגעלט פון זיין זיסער פרוי און פון זיינע ליאַרעמדיגע און לאַכעדיגע קינדער.

דער געלעהרטער געהערט אויך צו די טרייעסטע מענער פאַר זייערע פרויען, ווייל ער האָט ניט קיין צייט און ניט קיין מוט מיט זינדיגע אַנגעלעגענהייטען זיך אָבצוגעבען.

## דער פּאָליטיקער אַלס פערהייראַטער מאַן.



יין ליעבע טאָכטער! אויב דו ביזט עהרגייציג, געה און הייראַט מיט אַ פּאָליטיקער. ווען ער האָט גייסט (צום פּאָליטיקער דאַרף מען אייגענטליך ניט פיעל גייסט האָבען!) און גרויס געשיקליכקייט, וועט ער דיך אַוועקטראָגען אין יענע הויכע ספערען, אין וועלכע דער „וויאַט“ אָדער דער „הוראה“ פון דער מאַסע טראָגט אַוועק דעם פּאָליטיקער, אין יענער הויכ־קייט, אין וועלכער די אָרדענס בלישצען און די מיט גאָלדענע טרעסען בעפּוצטע רעק דרינגען איין ,און וואו געלד פעהלט אויך ניט.

אין אַנדערען פאַל: אויב דו ליעבסט רוהיגקייט, די ליכטיגע בעשיידענהייט פון הויז, אין וועלכע דער קלאַנג פון לוסטיגע מוזיק־באַנדען, אָבער אויך ניט דער שטיין, וועלכען די אונצופרידענהייט וואַרפט, דרינגען ניט איין, דאַן זאָלסט דו קיין פּאָליטיקער ניט הייראַטען.

דער פּאָליטיקער איז אַ סאָלדאַט, וועלכער בענוגענט זיך ניט אַן איינפאַכער אינפאַנטעריסט צו בלייבען. ווען ער איז שוין אַ גאַנץ־בעשיידענער מאַן, וויל ער נאָך אַלץ צום וויינינגסטען אונטער־לייטענאַנט צו ווערען, אָבער כמעט שטענדיג שטרעבט ער צום פּעדער־בעפּוצטען העלם פון דעם גענעראַל.

גייסט, שאַרפזיניגקייט, בילדונג, שטאָלץ און מאַכען פּשרות מיט דעם אייגענעם געוויסען, אַלע וואפּען פון גוט און שלעכט מוז דער פּאָליטיקער אָנווענדען, אום צו זיין היכען ציעל צו קומען קען ער אויף דעם וועג צו זיין ציעל אויך זיין פאטערלאַנד נוצען, איז דאָך געוויס גוט! ער ווערט אַ גענעראַל און גילט אין לאַנד פאַר אַ פּאַטריאָט.

און ווייל די פּאָליטיק איז די קונסט דאָס לאַנד צו רעגירען, בעריהרט אַלעס און אַלעמען, דאַרום מוזען מיר אויס ליעבע צום פאַטערלאַנד אַלע אביסעל פּאָליטיקער זיין, חאָטש, צום ווענינגסטען, אין דער בעשיידענער ראָלע פון דעם שטימע־אָבגעבער, פון דעם וועהלער.

און ווייל די פּאָליטיק בעריהרט אַלעס און אַלעמען, איז דער פּועל־יוצא, דאָס זי וואַנדערט אום פון איין ענד־פּונקט פון דער מענשליכער קראַפט צום אַנדערען ענד־פּונקט, דאָס הייסט: פון דעם העלדען־מאַרטירערטום ביז צו דער תליה פון דעם פערברעכער, פון דעם הימעל, אין וועלכען די מלאכים וואוינען, ביז דעם גיהנום, אין וועלכען די דעמאָנען הערשען, פון טריאומף־בויגען ביז צו דער קאַטאָרזשנער טאַטשקע.

דאַרום איז דער פּאָליטיקער אָפּט אַן איינפאַכער סאָלדאַט און מוז דאָס אימער זיין, און אָפּטמאָל איז ער אַ בריגאַנט, אַ רויבער.

ביידע, דער סאָלדאַט און דער בריגאַנט, אָפּערירען מיט איינע און די זעלביגע וואפען, אָבער נאָר מיט דעם העכסט איינפאַכען אונטערשיעד, דאָס דער סאָלדאַט פערטהיידיגט געזעץ און פאַטער־לאַנד, און דער בריגאַנט פערטהיידיגט זיינע אייגענע אינטערעסען.

אין אַ פּאַרלאַמענט (אפילו אין דעם לעצטען פון אַלע), זיינען בריגאַנטען און סאָלדאַטען אונטער אַנאַנד אויסגעמישט. איינער טראָגט אויף זיך די זעלביגע קליידער ווי דער אַנדערער, ביידע זיצען אויף די זעלביגע זיטץ־פּלעצער און מוזען אויך אָפּט צוזאַמען

שטימען, און מאכען דעם איינדרוק אויף דער מאסע, דער ערסטער מיט זיין שלעכטקייט און דער צווייטער מיט זיין גוטסקייט, דאס זיי אפפערען זיך פאר דעם וואהל פון פאטערלאנד.

אויב דו האסט איינפלוס אויף דער נשמה פון דיין מאן דעם פאליטיקער, האלט הויך זיין הארץ און היט זיך זיין עהרגייץ צו רייצען.

דער עהרגייץ פון די מענער דארף קיינמאל ניט האבען א רייץ־מיטעל, פערקעהרט: זעהר אפט דארף ער האבען א מיטעל צום בערוהיגען, צום איינשלעפערען.

אבער די אויפגאבע פון דער פרוי איז, די פריעסטערין פון אונזער אידעאליזמוס, די געטין פון אונזער הויזליכער גליקזעליגקייט, די געטין פון זיטזאמקייט און צניעות און די היטערין פון אונזער פאליטישער עהרענהאפטיגקייט צו זיין. דאס אונטערשיידען פון צווייערליי עהרענהאפטיגקייט איז א גאט־לעסטערונג, א בעשמוצונג פון א הייליגטום, און איך האב אימער געשוידערט, ווען איך האב איבער א מאן געהערט זאגען:

„ער איז אין פריוואט־לעבען אן עהרענמאן, אבער אין דער פאליטיק...“

האבען מיר א גרויסע צאהל עהרענמענער אונטער אונז, דאז מעגען מיר אונז בעריהמען, דאס מיר זיינען אן עהרענהאפטע נאציאן.

די סומע פון וועניגע ניט־עהרענהאפטע מענער איז גענוג א נאציאן צו פערשעהמען.

אין דעם לאנד, אין וועלכען די קארבונקעל־קראנקהייט טרעט אויף עפידעמיש, איז דאס לאנד טיעף־קראנק, און ווען די גליעדער, וועלכע זיינען פון די קארבונקעל־געשווירען בעפאלען, ווערען ניט רעכטצייטיג אמפוטירט, ווערט דער גאנצער ארגאניזמוס פון דעם טויטליכען גיפט אנגעשטעקט און די גאנצע נאציאן שטארבט אויס.

דארט, וואו דער מאן האט ניט די פעהיגקייט, די קראפט און דעם מוט די לעבענס־ארדנונג אין גלייכגעוויכט צו האלטען, דארט קען און מוז אויף די פרוי אין דעם בעשיידענעם קרייז פון איהר אייגענער פאמיליע זיין א קראפט, וועלכע היילט, וועלכע גיסט אריין נייע און פרישע בלוט, און וועקט אויף די מאראלישע קראפט אין דעם נאציאנאלען קערפער.

אַלץ איינס וואָס דיין מאַן איז: בירגער־מייסטער אָדער דעפּו־טירטער, סענאַטאָר אָדער מיניסטער, זאָלסט דו מעהר טראַכטען וועגען זיין עהרענהאַפטיגקייט, אַלס אויף זיין גייסט, מעהר אויף זיין געזעצליכקייט און רעכטליכקייט, אַלס אויף זיינע אויסצייכ־נונגען אין זיין אמט, און בעטראַכט איהם מיט די אויגען פון ליעבע און מיט די געפיהלען פון הארצען אין די שוואַכע שטונדען, ווען זיין געוויסען ,געטריבען פון עהרגייץ און אָנגעפּייערט דורך דעם דאָרשט נאָך געלד, פיהרט דעם שווערען קאַמפּף, אין די דאָזיגע שוואַכע שטונדען, אין וועלכע דער עהרענמאַן פאַלט און שטעהט אויף אַלס בריגאַנט, זיי דו זיין הילפס־ענגעל אין דער גרויסער נויט.

---

# דער סאָלדאַט אַלס פערהייראַטער מאַן.



ויפ'ן ערשטען בליק קען עס אויסזעהן, אז דער סאָלדאַט איז אין פערהייראַטען לעבען דער ערגס־טער פון אַלע מענער. געוואוינט אַן אייזערנע דיס־ציפּלין אויף אַנדערע ארויפצולייגען און דיזעלביגע אייזערנע דיסציפּלין אַליין צו טראָגען, שטענדיג ווייט פון דער געזעלשאַפט, אין אַ קינסטליכער אומגעבונג לעבענד, אין וועלכער אַלע מיט איינאַנדער אָטעמען און געהען; פון די פרויען פערגעטערט, ווייל ער איז דער פער־טרעטער פון קראַפט און ווייל ער טראָגט אַן אוניפאָרם אויף זיין לייב; און דערצו נאָך איז ער געצוואונגען יעדען אויגענבליק די גאַרניזאָן צו וועקסלען — מוז ער אין פערהייראַטען לעבען אַ שלעכטער מאַן זיין.

אָבער די ערפאַהרונג, וועלכע גיט אונז ניט קיין בעשטימטען בעשלוס, און גיט אונז די פרוכט פון דער נאַטור, זאָגט אונז, דאָס דער מיליטער איז אין פערהייראַטען לעבען דער בעסטער מאַן — אימער אונטער גלייכע אַנדערע אומשטענדען.

איך האָב מיך שטענדיג בעשעפטיגט מיט דער פראַגע: וואו ליעגט דער גרונד צו דעם ווידערשפּרוך צווישען דעם, וואָס די טעאָריע לעהרט אונז און וואָס די פּראַקסיס בעווייזט אונז, און

איך בין מודה, דאָס איך, ווי שטארק איך האָב מיין בליק געשארפט און ווי טיעף איך האָב אין דער וועלט פון דער מענשליכער פסי־כאָלאָגיע אריינגעקוקט, שטענדיג מיט א הייסען דאָרשט צו ער־פאָרשען און וויסען, האָב איך, נאָך דעם עפּענען פון מיין האנד אום צו זעהן, וואָס האָב איך מיט מיין האנד פון דעם גאנצען אוצר מענשליכער פסיכאָלאָגיע ארויסגעצויגען — נאָר נעבעלהאפטע הי־פאָטעזען (השערות) געפונען, בעסער געזאָגט: א האנדפול גע־כאפּטע פליעגען.

דאָס די געטין װ ו ע נ ו ס איז געװען די געליעבטע פון דעם גאָט מ א ר ס, איז עס נאָך היינט און וועט עס אייביג בלייבען, איז לייכט צו בעגרייפען און גאַנץ איבערפליסיג ווייטער צו ערקלערען, ווייל דיכטער, פילאָזאָפען, פסיכאָלאָגען און פער־פאסער פון ראָמאנען האָבען זיך אויף דעם געמיהט מיט זייערע געדאנקען און זייער פעדער.

אָבער דער גאָט מארס איז ניט קיין פערהייראטער מאַן, ער איז נאָר א ליעבהאָבער און דאָס איז עטוואָס גאַנץ אנדערעס; דער מאָדערנער מארס, דאגעגען, אין וועלכע מיליטערישע קערפּערשאפט ער זאָל ניט דיענען און אין וועלכען ראנג ער זאָל ניט שטעהן, איז אימער אַן אויסגעצייכענטער מאַן פאר זיין פרוי.

איז דאָס אפשר דערפאר, ווייל די ליעבשאַפטען, וועלכע ער האָט אויף דער גאַס אָנגעקניפּט, און די קורץ־לעבענדיגע ראָמאנען, וועלכע ער האָט אין פערשיעדענע שטעדט אויס לאַנגווייל און נאָר אלס צייט־פערטרייב דורכגעמאכט, זיינען איהם איבערדריסיג געוואָרען, קורץ, נאָכדעם ווי ער האָט מאָגערע ברעקלאך פון זאָגע־נאַנטער ליעבע אונטער פיעלע ווייבער אויסגעטהיילט, האָט ער ענדליך אויסגעפונען די ריכטיגע, די וואהרע, די געטרייע, וועלכע ער קען אוועקגעבען זיין גאַנצעס הארץ?

אָדער אפשר דערפאר, ווייל דאָס קינסטליכע און רעגולירטע לעבען אין מיליטער־דיענסט, וועלכע האָבען איהם פיעלע שטונדען אין טאָג געדריקט און טעמפּ געמאכט, האָבען אין איהם ערוועקט דאָס בעדירפנים צו האָבען אַן אייגענע היים, וואו די וואהרע ליעבע פון דער פרוי האלט די אנגענעהמע אָרדנונג און וואו ער געניסט אַלע פריידען פון לעבען?

אָדער אפשר אויך דערפאר, ווייל די אייגענע היים איז דער

בעסטער געגענגיפט געגען דער קאזארמע און דער פאמיליען־מאָהל־צייט שמעקט איהם בעסער אלס די מאָהלצייטען אין רעסטאָראַן?

עס קאָן אויך זיין, ווייל דער מיליטעריסט איז געוועהנט אליין זיין קאסטען צו פּאקען, זיינע אנגעלעגענהייטען צו בעזאָרגען, זיי אין אָרדנונג און אין גרויסע ריינליכקייט צו האלטען, ווערט ער דורך דעם א גוטע הויז־פרוי, און ווען ער ברייננגט אריין די האָזיגע געוועהנהייטען און פעהיגקייטען אין א פאמיליע, ווערט ער צוליעב דעם אויך א גוטער מאן פאר זיין פרוי.

און נאָך איינס: אין מיליטער־דיענסט איז ער אימער געגנוי־טיגט א זעהר הארטע דיסציפלין אָנצואווענדען און איז געצוואונגען דעם בייזען, דעם שרייער צו שפּיעלען, דארום פיהלט ער זיך גליק־ליך, ווען ער האָט א היים און א פאמיליע, וואו ער דארף ניט קאָ־מאנדעווען, ניט שרייען און זיך ניט בייזערען און קען געגען זיין פרוי און קינדער מילד און צערטליך זיין.

וועלכע פון די אלע אויסגערעכענטע אורזאכען גיבען דער פרוי, וועלכע הייראטעט מיט א מיליטעריסט, די זיכערהייט אויף א גליק־ליכעם לעבען, איז שווער צו ענטשיידען.

אפשר קיין איינציגער בעזונדער, אָבער אלע צוזאמענגענומען.

*

עס איז אמת, אז מיר מענשען זיינען בעגיעריג אלעם צו וויסען, און די אורזאכע פון פיעלע ערשיינונגען אין אונזער לעבען רייצט אונזער נייגיערדע זייער גרונד צו ערפאָרשען, אָבער עס איז ניט אלע מאָל נויטיג זיי צו קענען און פאר דעם גרעסטען טייל פון דער מענשהייט זיינען זיי אויך ניט נוציג.

די גרעסטע פּראָבלעמען פון אונזער אלגעמיינער וועלט און פון אונזער לעבען זיינען פאר אונז גאַנץ טונקעל, און דאָס האָט אונז דאָך ניט פערהינדערט אויף דעם וועג פון פאָרטשריט ווייטער צו וואנדערען און זיך פון ווילדע ברואים, פון ווילדע מענשענפרע־סער אין געזיטעטע מענשען צו פערוואנדלען, וועלכע מוזען האָבען קליידער אויף זייער לייב, וועלכע פערבאָרגען דאָס טהיערישע עלענד פון דער עקזיסטענץ, און מענשען, וועלכע ריידען איינער צום אנדערען דורך דעם טעלעפאָן און פאָהרען מיט דעם לאָקאָמאָטיוו.

לאָמיר זיך אלזאָ צופרידען שטעלען מיט אונזער בעהויפּטונג,

דאָס דער סאָלדאַט איז כמעט שטענדיג אַן אויסגעצייכענטער מאַן פאַר זיין פרוי, און לאָמיר דאָס איבערלאָזען פאַר די מענשען, וואָס וועלען נאָך אונז קומען, דעם „ווארום" אויסצוגעפינען. אויסער די פראַגע וועלען מיר זיי נאָך פיעלע אַנדערע פראַגען איבערלאָזען צום ענטשיידען, און זיי וועלען אויך זייערע קינדער און זייערע אייניקלעך איבערלאָזען פראַגען צום ענטשיידען, וועלכע זיי האָבען ניט געקענט ענטשיידען.

---

## נאָך אַנדערע עצות פון פאָטער פאַר דער טאָכטער ביים אויסוועהלען אַ מאַן.

3

מיין ליעבע, גוטע טאָכטער, איך וויל, דאָס דו זאָלסט פערגעסען אַלע עצות, וועלכע איך האָב דיר געגעבען אין בעצוג פאַר זיך אַ מאַן אויסצוּוועהלען, און זאָלסט שטענדיג אין זינען האָבען די איינציגע עצה, וועלכע בעהערשט דורך איהר וויכטיגקייט יענע אַלע, וועלכע איך האָב דיר פריהער געגעבען, זי, די איינציגע עצה, איז ווי אַ מוטער, וואָס אומאַרעמט מיט איין אומאַרמונג אַלע איהרע קינדער און דריקט זיי צו איהר האַרץ.

און די דאָזיגע אַזוי וויכטיגע און גרויסע עצה, זאָג איך דיר אַרוים אין איין שורה:

„בעסער דאָס גאַנצע לעבען אַ מיידעל צו בלייבען, אַלס שלעכט הייראַטען".

*

אין אונזער צייט גלויבט מען און מען טהוט דאָס פערקעהרט.

בלייבען זיצען אַ מיידעל ווערט געהאַלטען פאַר אַ שאַנד, דערפאַר הייראַטעט מען מיטעלמעסיג ווען מען קען ניט גוט הייראַטען, און שלעכט הייראַטעט מען ווען מען קען ניט מיטעלמעסיג הייראַטען.

דער אַלגעמיינער רוף איז: „אַ מאַן אָדער שאַנד!"

און נאַטירליך נעהמט מען דעם, וועלכער קומט צוערשט צום האַנד.

מען הייראַטעט איהם און עס איז אַלץ איינס אויב ער איז העסליך און אַנטיפּאַטיש, קרענקליך אָדער דום. מיט פערציג יאָהר האָט ער נאָך ניט פערשטאַנען עפּעס אַ שטעלונג אין לעבען צו ערווערבען — עס ווייזט אויס אַז ער איז אַ ווייבער־פריינד, אַ שפּיעלער, אַ ליידיג־געהער — ער איז אַלט און געבּרעכליך — ער שטאַמט פון אַ משפּחה פון אונעהרליכע לייט —

אַ דאגה! ער איז אַ מאַן און דאָס איז גענוג!

אַלץ בעסער ווי די חרפּה צו שטאַרבען אַלס מיידעל. זאָל ער זיין אַ העסליכער, אַן אַלטער, אַ פּרויעניעגער, אַ ליידיג־געהער, אָבער דאָך אַ מ אַ ן!

*

עס איז ניטאָ אין דער וועלט קיין נאַרישערע, פאַלשערע און אונמאָראַלישערע בעהויפּטונג, ווי די דאָזיגע דילעמאַ איז. זי קען נאָר שטאַמען פון אַ פאַלשע ערציהונג, פון אַ פאַלשע מאָראַל, זי קען נאָר זיין די פּרוכט פון אַ פלאַנץ, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף דעם באָדען פון עקעלהאַפטע פאָראורטהיילען, פון דער גרעבסטער אונקענטניס פון דער מענשליכער ווירדיגקייט, אָדער זי קען שטאַמען פון די גרעבסטע טהיערישע ליידענשאַפט.

*

אין ענגלאַנד, אין אַמעריקאַ, עטוואָס ווייניגער אין דייטשלאַנד, רוסלאַנד און האָלאַנד נעהמען פיעלע יונגע דאַמען אויס פרייער וואהל קיין מאַן, און די זיינען גראַר ניט הויקערדיג, קאָסאָקע אָדער הינקענדיג.

זיי זיינען יונג, פריש, שעהן, געבילדעט און אָפּטמאָל אויך רייך, און האָבען דאָך בעסער זיך פעראורטהיילט ליידיג און פריי צו בלייבען, ווייל זיי האָבען אויף זייער לעבענס־וועג ניט געפונען דעם מאַן, וואָס זאָל זייער האַרץ בעפרידיגען.

און פון דעסטוועגען זיינען זיי ניט אונגליקליך, פערקעהרט, זיי זיינען צופרידען מיט זיך זעלבּסט און מיט זייער שיקזאַל, און ווידמען זייער לעבען און זייער טהעטיגקייט דאָרט, וואו די ליידענדע מענשהייט זוכט הילף און אונטערשטיצונג.

*

אין אונזער איטאליען (לאָזט מיך דאָס אייך פערטרויליך זאָ־גען!) איז אין דער דאָזיגער בעציהונג מעהר פון אַלע אַנדערע לענדער צוריקגעבליבען, און מיט אונזער גאַנצער פרישקייט און מיט אונזער גאַנצען פראָגרעס אויף דעם וועג פון ציוויליזאציאָן און הומאַניטעט, האָבען מיר נאָך פון אונז ניט ארויסגעראַמט דעם אַלטען פאָראורטייל אין בעצוג צו די „אַלטע מוידען". מיר בע־טראַכטען זיי אַלס בעשעפעניסען, וואָס געהערען צום נידריגסטען קלאַס פון דער מענשהייט.

*

דער דאָזיגער גראָבער פאָראורטייל וועט זיך גראַד פאַר גראַד מיט דעם וואַקסען פון אונזער פראָגרעס און ציוויליזאציאָן פערלי־רען, און גראַד פאַר גראַד וועלען מיר לערנען די פרויען דערצו צו ערציהען, דאָס זיי זאָלען פריהער פאַר אַלץ זיך זעלבסט און איהר גליק געניגען זיין.

דיך, מיין הייסגעליעבטע עממאַ, האָב איך אַזוי ערצויגען, אין דיר האָב איך אַלע יענע גוטע און פרוכטבארע פלאַנצען איינגע־פלאַנצט, וועלכע גיבען מיר די האָפענונג, דאָס דו וועסט לעבען אין אַ בעסערער צייט אַלס די, אין וועלכער איך האָב געלעבט.

*

דו וועסט אין ראָמאַנען און אין געדיכטען לעזען, דאָס די ערשטע ליעבע איז די וואהרע, די איינציגע, די ליעבע, וועלכע מען דאַרף פאָרציהען איבער אַלע ליעבעס.

און עס גיט ניט קיין פאַלשערע בעהויפּטונג אַלס די דאָזיגע! קענען מיר דען בעהויפטען, אז דאָס ערסטע בילד פון אַ קינסטלע־רישען מאַלער, איז דאָס בעסטע קונסטווערק פון די אַלע בילדער, וועלכע ער וועט מאָהלען אין פערלויף פון זיין לעבען; דאָס די ערשטע רעדע, דאָס ערשטע בוך, די ערשטע שטאַטוע און די ערש־טע אָפּער וועלען זיין די בעסטע, וועלכע דער דעפּוטירטער, דער שריפטשטעלער, דער סקולפּטאָר און דער קאָמפּאָניסט וועלען נאָך מאַכען?

*

אויף די ליעבע איז אַ ווערק, ביי וועלכע הארץ, גייסט און חושים מוזען זיך פעראייניגען און געהן האַנד אין האַנד, אום

אויפצובויען יענעם טעמפּעל, אין וועלכען דאָס העכסטע גליק זאָל זיך געפינען, אום צו בויען דעם נעסט, אין וועלכע א פאמיליע זאָל זיך קענען אין דער גרויס און ברייט ענטוויקלען און זאָל אלץ מעהר וואקסען.

*

די ערשטע ווערק פון שאפענדע קינסטלער און געלעהרטע, בעזיצען אלע אונפאָלקאָמענהייטען פון דער אונזיכערהייט, פון דער אונערפאהרענהייט און פון דער אונוויסענהייט.

*

דער ערסטער יונגער מאַן, וואָס קוקט דיר אין די אויגען און זאָגט דיר מיט זיינע אויגען, דאָס ער ליעבט דיך, געפעלט דיר נאָר דערפאר, ווייל ער קוקט דיך אָן מיט פערליעבטע אויגען, און דו ביזט גענייגט איהם פאר שעהן און גוט און פאר פאָלקאָמען צו געפינען.

בעמערקט ער, אז ער איז דיר געפעלען, הויבט ער באלד אָן גאָר ניט ווילענדיג זיך שעהנער, בעסר און פאָלקאָמענער צו מאכען, אום דיר נאָך מעהר צו געפעלען, אוו דיך צו בעזיצען, אום דיין ליעבע צו געווינען.

און דו, מיט דער פּאָעזיע פון דער יוגענד, הויבסט דו אויף זיין פאלשע, געמאכטע שעהנקייט נאָך העבער און דו פיהלסט גאָר ניט, אז איהרביידע נארט איינער דעם אנדערען.

דאַן, ווען דו ענטפערסט איהם אויף זיין „איך ליעב דיך" מיט די זעלביגע ווערטער, ביזט דו פלוצלונג מיט א פייערליכען פערשפּרעכען, אפשר נאָך גאָר מיט א שבועה, געבונדען.

דאַן פעראייניגט זיך די אייגענליעבע מיט דער ליעבע, און עס איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ אזא שארפע פייל, וואָס זאָל קענען דורכפיילען די קייט, וועלכע דו האָסט זיך צוגעבונדען צו דיינע פיס. ווען דו זעהסט עס איין, ווען עס איז שוין צו־שפּעט, ווען דו קומסט צו דער טרויעריגער איבערצייגונג, דאָס דו האָסט א טעות געהאט, ווערסט דו מיט אלע כוחות בעקעמפפען דעם שכל, וואָס זוכט דיר דיין קאָפּ ליכטיג צו מאכען. דו ווערסט ניט נאָר האָבען די פעהיגקייט דיינע אויגען צו פערשליסען, דו ווערסט אויך האָבען די פעהיגקייט זיך צו בלענדען, כדי זאָלסט די ווארהייט

ניט זעהן. דו אונגליקליכע, דורך דיינע אייגענע הענד ווערסט דו זיך מאכען פאר א שקלאפין!

דארום אלזא, לאז דער יונגער מאן דיר הונדערט מאל „איך ליעב דיך" זאגען, איידער דו ענטפערסט איהם די זעלביגע דריי ווערטער, וועלכע ער ערווארטעט פון דיין מויל מיט א פייערדיגער אונגעדולד. טהו נאך בעסער: דורך דיין בענעהמען און דורך דיין פערקעהר מיט איהם, זאלסט דו זוכען איהם צו פערהינדערען די דאזיגע דריי ווערטער דיר צו זאגען, און ווען ער האט זיי אין דער היטץ פון פערוואונדערונג ארויסגערעדט, מוזט דו פערהינדערען, אז ער זאל דאס דיר נאך אמאל ניט זאגען.

אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען זיינען די פרויען וואהרע מייסטערינען און דו קענסט מיר אין דער האזיגער „קונסט" א לעקציאן געבען.

*

אין פאל אבער, ווען דיזער יונגער מאן געפעלט דיר ווירקליך, דארפסט דו דאס איהם גלייך ניט לאזען מערקען. נעהם זיך צייט איהם וויימער צו שטודירען און איהם פערגלייכען מיט אנדערע, אלע איינס אויב זיי אינטערעסירען דיך אדער ניט.

זיך אויף אייביג פערבינדען מיט א מאן, מוז נאר געשעהן דורך אויסוועהלען, און אהן פערגלייכען דעם מאן מיט אנדערע מענער קען מען ניט וועהלען.

וואס מעהר פערגלייכען מען זאמעלט, איידער מען גיבט א מאן דעם „יא־ווארט", איז עס אלץ וואהרשיינליכער דאס די וואהל וועט גוט אויספאלען.

*

זיי קיינמאל ניט אונגעדולדיג אן ענטשלוס צו פאסען. די אונגעדולד איז שטענדיג א צייכען פון כאראקטער־שוואכהייט.

*

דו קענסט געוויס יענעם רוימישען גענעראל, וועלכער האט אלע שלאכטען געשלאגען און אלע מלחמות געוואונען נאר מיט דעם, וואס ער האט אימער געווארט און געווארט.

און דו ווערסט די העכסטע פון אלע שלאכטען פון לעבען געווינען, ווען דו ווערסט ווארטען, לאנג ווארטען, אימערצו ווארטען.

איך האב מיר צוזאמענגעשטעלט א גראבע, אפשר ניט גאנץ

גנעראָטענע, סטאַטיסטיק פון פּיעלע הייראַטען, וועלכע האָבען מיך אינטערעסירט, און נאָכדעם ווי איך האָב זיי אין צוויי קאַטעגאָריען איינגעטיילט, אין הייראַטען פון גאַנץ יונגע מענשען און אין היי־ראַטען, וועלכע זיינען אין רייפערען עלטער געשלאָסען געוואָרען, און האָב געפונען, אַז אין דער צווייטער קאַטעגאָריע זיינען דאָ פּיעל מעהר גליקליכע פּאָאר־פּאָלק.

*

ווען דו שטעהסט פאַר אַ צווייפעלהאַפטען פאַלל, זאָלסטו זיך מיט דיין מוטער בעראַטען.

חבר'טעס, פריינדינען, אפילו די בעסטע פון זיי, זיינען אין די אנגעלעגענהייטען פון דער ליעבע זעהר געפעהרליכע ריכטער. די קנאה דרינגט אָפט אריין אין זייערע עצות.

ווען דו ווילסט פרעגען אַן עצה ביי דיינע פריינדינען, מאַך דאָס דיפּלאָמאַטיש; ערקלער זיי, אַז דו טהוסט דאָס נאָר אויס איינפאַכער נייגיערדע, אָבער ניט ווייל דו לייגסט אַ גרויסע גע־וויכט אויף זייערע אַנטוואָרטען.

אָבער אויף יעדען פאַל זאָלסט דו זיך פערטרויען נאָר יענע פון דיינע פריינדינען, וועלכע זיינען שוין פערהייראַט. אונפערהייראַ־טע זאָלסט דו זיך קיינמאָל ניט אָנפערטרויען. ביי די אונפערהיי־ראַטע קענען זיך קנאה און אונערפאַהרענהייט פערבינדען און דאָס וועט דיר אַראָבפיהרען פון גראַדען וועג.

דער שלעכטער טאָן צווישען אַ מאַן און אַ פרוי, וואָס פער־בינדען זיך דורך הייראַט, קען שטאַמען פון דריי פערשיעדענע פאַק־טאָרען:

דורך די געפיהלען;

דורך דאָס הארץ;

דורך דער אינטעליגענץ.

דאָס העכסטע אונגליק קומט אַרויס ווען עס עקזיסטירען די דאָזיגע אַלע דריי שלעכטע טענער.

דאָס העכסטע גליק ערגיבט זיך פון דער פערבינדונג פון די דאָזיגע דריי טענער.

*

די עסטהעטישע סימפּאַטיע, די בעוואונדערונג פון פערזענ־

ליבער שעהנהייט, וועלען דיך פיהרען אויף דעם וועג צום ערשטען טאָן, אָדער, בעסער געזאָגט: צום ערשטען פאקטאָר.

די הארמאָניע און אנזיכטען און די פראגען פון געפיהל, דאָס בעגרייפען און זוכען די זעלביגע אידעאלען ווי ער, וועלען דיך פיהרען צום טאָן פון הארצען.

די ליעבע צו די זעלביגע ביכער, די זעלביגע בילדער, דאָס בעזיצען דעמזעלביגען געשמאק, די זעלביגע נייגונגען, די זעלביגע סימפאטיען און אנטיפאטיען ווי ער, פיהרען דיך צו דער געדאנקען־הארמאָניע, און דאָס איז פאר זיי ביידען דער גן־עדן אויף דער ערד.

*

אָבער גלויב מיר, מיין ליעבע טאָכטער, אז אויסער די דריי פון מיר איינגעטיילטע קאטעגאָריען שלעכטע מענער, זיינען דאָ נאָך אנדערע.

עס גיבט נאָך הונדערט און טויזענד און מעהרערע טויזענדער וועניגער וויכטיגערע, קליינע, גאנץ קליינע, וועלכע שטעהען צו די גאנץ וויכטיגע און גאנץ גרויסע אין פערגלייך ווי דער שטאָך פון א נאָדעל צו א שטאָך פון א קינזשאל.

*

די וועניגער וויכטיגע אקאָרדען קענען נאָר גאנץ צארטע אויע־רען הערען, אָבער אלע פרויען זיינען צארט, און דו, מיין געליעבטע טאָכטער, דו ביזט פון דער נאטור און דורך ערציהונג זעהר צארט־פיהלענד.

איך קען דיך אזוי גוט, מיין קינד, דאָס איך קען זאָגען, דו וועסט וועלען איבערטראָגען א פולשטענדיגען שלעכטען טאָן אלס א גאנצע רייהע פון קליינע און שטענדיגע ניט־הארמאָנישע טענער.

און אום א מענשען צו טויטען, דארף מען זיך ניט גראדע מיט א שטאָך פון א קינזשאל בענוצען, מען קען אויך מיט שטעך פון נאָדלען טויטען א מענשען, ווען מען האָט נאָר דערצו גענוג גרויזאמקייט.

*

די קליינע שלעכטע, ניט־הארמאָנישע טענער קומען ארויס פון דעם, וואָס דער מאן אָדער די פרוי בעטראכטען זיך מיט בליקען, ניט ווי ער אָדער זי וויל, אָדער ער, אָדער זי רעדט מיט א טאָן, וועלכער איהם, אָדער איהר, געפעלט ניט, אָדער ער, אָדער זי,

האָבען ביים ריידען געמאַכט זשעסטיקולאַציאָנען, וואָס זיינען ניט געגנוג שעהן, ווי די עסטהעטיק פערלאַנגט עס.

אין געוויסע מאָמענטען קען אַן „אַה“ אָדער „אָה“ אין אַן אונגעלעגענע צייט ווירקען ווי אַ פּאַטש אין פּנים. דאָס וואָרט „ליעבער“ אין אַ פּרעמדאַרטיגען טאָן אויסגעשפּראָכען, קען אָנ־גענומען ווערען ווי אַ בעליידיגונג, און אַ זיפץ קען אָפּטמאָל אין פּערהייראַטען לעבען אַ גאַנצע טראַגעדיע מיט זיך ברייננגען.

אַך, ווען די מענער זאָלען קענען די פרויען, און די פרויען די מענער, איידער זיי קניען ניעדער ביים אַלטאַר, וואו זיי פּער־בינדען זיך אויף לעבענסלאַנג — וויפיעל הייראַטען וועניגער וואָלט עס געגעבען אין דער וועלט, אָבער אויך וויפיעל וועניגער אונגליק־ליכע!

*

איך האָב שטענדיג איבער די דומע און אונפּערשעהמטע שטאָלצקייט געשווידערט, מיט וועלכע מענער און פרויען גיבען זיך די הענד און לאָזען זיך פּערבינדען צו אַ לאַנגען צוזאַמענלעבען, אָהן ניט נאָר זיך געגענזייטיג ניט צו קענען, אויך אפילו ניט וויסענדיג, פון וואָס דער מענשליכער טאָג איז געמאַכט, אפילו ניט קענענדיג דעם אַ־בע־צע פון די כאַראַקטערען, און האָבען אויך דעם ערסטען בלאַט פון דעם נשמה־בוך ניט געלעזען.

*

שולדיג אין דעם איז קיינער ניט און דאָך אַלע.

קיינער ניט, ווייל מען ווערט געבאָרען אין אַ געזעלשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אויף אַ פאַלשער גרונדלאַגע, ווייל מען לערנט הונדערט נוצלאָזע זאַכען און ווייל איבער דאָס, וואָס איז צום געזונדען אויסנוצען פון אונזער לעבען נויטיג, שוועבען מיר אין דער טונקעלסטער אונוויסענהייט.

*

וויפיעל מענער און פרויען האָבען דאַנטע און שעקספּיער גע־לעזען, ווי פיעל מענער און ווי פיעל פרויען שפּיעלען בעעטהאָ־ווענ'ס קאָמפּאָזיציאָנען און בעהערשען דערצו דריי אָדער פיער שפּראַכען, און די דאָזיגע זאָגענאַנטע „הויך־געבילדעטע“ מענער און פרויען וויסען ניט וואָס כאַראַקטער איז, פון וועלכע קוועלען

ער קומט ארויס, וועלכע שפרינג־פעדער װענדעט איהם צום גוטען, צו פערפיינערען, אום איהם אנציהענד צו מאכען.

*

מיין ליעבע טאָכטער! וואָס ווערסט דו זאָגען, ווען אין פאַל, ווען אן אייזענבאהן־צוג, וואָס איז פאַרטיג צום אָבגעהן, וועט שטאַרבען דער מאַשיניסט, וואָס דאַרף פיהרען דעם צוג, און אויף זיין פּלאַץ וועט מען אַוועקשטעלען דעם ערשטען בעסטען, וואָס וועט צום האנד קומען, אַלץ איינס, צי ער איז א פּאַקענטרעגער, אָדער אן אדוואָקאַט, א זשורנאַליסט, אָדער א דאָקטאָר, און מען וועט צו איהם זאָגען:

— פאָרווערטס! געה, שטעל זיך אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו און פיהר דעם צוג צו זיין בעשטימטען אָרט!

*

מערק עס דיר, מיין טאָכטער: פיעלע מענער און כמעט אַלע פרויען, וואָס לאָזען זיך אַוועק מיט דעם הייראַטס־לאָקאָמאָטיוו, אום די גרויסע און לאַנגע רייזע דורך דאָס לעבען צו מאַכען, געפינען זיך אין דערזעלביגער לאַגע, ווי יענער פּאַקענטרעגער, יענער אדוואָקאַט, יענער זשורנאַליסט און יענער דאָקטאָר, וועלכע נעהמען איבער די ראָלע פון דעם מאַשיניסט, כאָטש קיינער פון זיי ווייס ניט דעם מאַכענאַיזמוס פון א לאָקאָמאָטיוו.

און נאָך שווערער איז דער אומשטאַנד, דאָס א לאָקאָמאָטיוו איז א פיעל איינפאַכערע מאַשינע, אַלס א הארץ, אַן אָרגאַניזמוס, א מענשליכער געהירן.

*

ווען איך טראַכט וועגען דער דאָזיגער אנגעלעגענהייט, בין איך כמעט גענייגט רעכט צו געבען יענע פיעלע לייט, וועלכע פאַר לויטער בעדענקען די טויזענד געפאַהרען און די הונדערטע נעצען, וועלכע רינגלען ארום דאָס פערהייראַטע לעבען פון אַלע זייטען, ענטשליסען בעסער ניט צו הייראַטען.

*

אָבער דו, מיין קינד, דו ביזט אַזוי ערצויגען געוואָרען, דאָס דו קענסט גליקליך זיין און יענעם גליקליך מאַכען, וועלכער וועט דיך פאַר זיין פרוי אויסוועהלען; דיין כאַראַקטער איז אַזוי גוט,

אזוי זאַנפט, אַזוי צאַרט, דאָס ער וועט היילען יעדען פעהלער, וועלכען דיין מאַן וועט פיעלייכט בעזיצען.

דו וועסט וויסען, וואו דו קענסט געפינען דעם מאַן, וועלכער וועט דיך מאַכען פאַר אַ גליקליכע פרוי און פאַר אַ גליקליכע מוטער, און דו וועסט איהם געוויס געפינען.

דו האָסט שטענדיג געליעבט זיך אָבצוגעבען מיט שווערע לעבענס־פּראָבלעמען און הייראַטען איז די שווערסטע פון אַלע פּראָבלעמען.

*

דו דאַרפסט שטענדיג אין זינען האָבען, דאָס די הייראַט איז די סומע פון צוויי עקזיסטענצען, פון צוויי קערפער, פון צוויי נשמות, וואָס דאַרפען זיך פעראייניגען צו אַ גאַנצע גרעסערע סומע, און פאַרביידען, וואָס פערבינדען זיך אויף אַ גאַנצעס לעבען, זיינען ניט קינדער האָבען דער וויכטיגער רעזולטאַט פון הייראַטען. דער וויכטיגסטער רעזולטאַט פון אַזאַ פערבינדונג קומט ערשט דאַן ארויס, ווען דער מאַן און די פרוי זיינען גלייך גליקליך.

*

צו דער דאָזיגער סומע מוזט דו פון דיין זייט צולייגען, מעהר וויפיעל דו קענסט, ליעבע, גוטסקייט, נאַכזיכט, צערטליכקייט און אַלע אַנדערע צאַרטע געפיהלען, מיט וועלכע דאָס פרויען־האַרץ איז אַזוי רייך, דאַן וועט די טאָטאַל־סומע זעהר גרויס ווערען, נאַטירליך, מוז אויך דיין מאַן חאָטש אַ קליינעם טייל פון יענע גייסטיגע אוצרות, וועלכע בילדען די עלעמענטען פון גליק, פון דיין זייט צולייגען.

*

מוזט מיר פערצייהען דעם גראָבען אריטהמעטישען פערגלייך, וועלכען איך מאַך דיר דאָ. איך טהו עס נאָר אום דיר די אנגעלעגענהייט בעסער צו ערקלערען: נעהם אָן, אז דאָס גליק איז אַ קערפּער צוזאַמענגעשטעלט פון הונדערט איינהייטען, און אום די דאָזיגע צאָהל פון הונדערט איינהייטען צו פערפאָלקאָמען, מוזט איהרביידע צוזאַמענטראָגען.

ווען דו וועסט פון דיין זייט זיעבציג אָדער אכציג איינהייטען געבען, בלייבט פאַר דיין מאַן נאָר דרייסיג אָדער צוואַנציג איינ־

הייטען פון זיין זייט צו געבען, אום די גאנצע סומע פון הונדערט צו האָבען.

אויב דו קענסט, גיב ניינציג איינהייטען; דיר וועט עס לייכ־טער זיין צו געפינען איינעם, וועלכער וועט די פעהלענדע צעהן חלקים געבען.

איך קען פיעלע גליקליכע פּאָאר־פּאָלק, וואו די פרוי גיבט פון איהר זייט ניין־און־ניינציג חלקים און דער מאַן נאָר איין איינציגען. די גוטע און פערנינפטיגע פרוי וועט דעם מאַן פאַר זיין קארגשאפט קיינע פּאָרווירפע מאכען. די הויפּטזאך איז: א גאַנצע מאה צו האָבען אין דעם פערהייראַטען לעבען, און דאַן איז דאָס גליק פול־שטענדיג.

וועה אָבער, און טויזענד מאָל וועה, ווען דו פערלאַנגסט פון דעם מאַן, דאָס ער זאָל פון זיין זייט ניט וויינינגער פון פופציג חלקים געבען. דיין פערלאַנג, דיין פּרעטענזיע, וועלען איהם טיעף בעליידיגען, און זיין אינוועסטמענט צו די הויזליכע פריידען און צום הויזליכען גליק וועט באַלד אין גאַנץ קליינע פּאָרציאָנען ארונ־טערזינקען.

*

די פרוי מוז אימער געבען מעהר, אַלס זי עמפּפאַנגט.

זי איז פון דער נאַטור בעשטימט מעהר אָפּפערוויליג און מעהר גרויסמוטיג צו זיין, און אויף יעדען מזבח געפינען זיך מעהר פרויען־קרבנות אַלס קרבנות פון מענער.

*

פערלאַנג פון דיין מאַן ווייניג, זעהר ווייניג, און דערפאַר און מיט דעם וועסט דו מאַכען מעהר ווי א העלפט פון דעם וועג, וואָס פיהרט צום הויזליכען גליק. אויב דו וועסט אַזוי האַנדלען, וועט דיר דיין מאַן געבען אפשר נאָך מעהר ווי דו פערלאַנגסט, און דו וועסט אימער האָבען א ליעבע איבערראַשונג.

*

אָבער, ווען דו וועסט זיך בערופען אויף דאָס מענשליכע רעכט און דו וועסט דאָס געבען און נעהמען אויף דער וואָגשאָל פון גערעכטינקייט וועגען, וועסט דו די אונאַנגענעהמסטע איבערראַ־שונגען און ביטערע ענטטוישונגען דערלעבען.

*

ווען מיידלאך הייראַטען, קענען זיי דעם מאַן נאָר פון די ראָ־מאַנען, ער איז פאַר זיי אַ מלאך אָדער אַ דעמאָן, אַ טייוועל, און ווייל דער חתן קען ניט און דאַרף ניט זיין אַ דעמאָן, דאַן קען ער און מוז ער ניט אַנדערש זיין אַלס אַ גוטער מלאך.

אָבער די מענער וועלכע שפּאַציערען אַרום אין די גאַסען פון שטאָדט, ניט אין די בלעטער פון די ראָמאַנען, זיינען זעלטען דע־מאָנען, אָבער קיינמאָל ניט קיין מלאכים.

די דאָזיגע מענער זיינען שעהנע חיות (נאַטירליך נאָר דאַן, ווען זיי זיינען ווירקליך שעהן !) און דאַרום ליעבען זיי זיך זעלבסט מעהר פון אַלע אַנדערע מענשען, אויך מעהר פון זייערע פרויען ; זיי זיינען צוויי־פיסיגע ברואים אָהן פעדערען און דערצו אויך אינ־טעליגענט, וועלכע בעטראַכטען די פרוי אַלס פאַקטאָר צום פער־גרעסערען דעם וואָהלשטאַנד פון הויז, זיי זוכען אין דער פרוי אַ הויז־ווירטהין, זיי ווילען האָבען די פרוי אַלס אַן אַרטיגע און שעהנע מאַשינע, מיט וועלכע מען זאָל קענען די פאַמיליע בעוועגען, זיי ווילען אין איהר זעהן אַ חבר'טע, וואָס זאָל זיי פריידען פערשאַ־פען, און זאָל זיין פאַר זיי אַ קראַנקען־שוועסטער, ווען זיי זיינען קראַנק.

זיי ציעהען אַן אויף זייער הויט אַביסעל פּאָעזיע, פונקט ווי זיי ציעהען אָן הענדשקעס אויף זייערע הענד און שיך אויף זייערע פיס, און פונקט ווי זיי ציעהען אַרונטער די הענדשקעס פון די הענד און די שיך פון די פיס, ווען זיי קומען צו זיך אַהיים, צו דער פאַמיליע, אַזוי ציהען זיי פון זיך אַראָב די פּאָעזיע פון פער־הייראַטען לעבען, וועלכע בעלעסטיגט זיי און דריקט זיי.

*

זאָלסט זיך קיינמאָל ניט איינבילדען, אַז די פּאָעטישע אַט־מאָספערע, מיט וועלכע דער מאַן נעהמט זיך אַרום די גאַנצע צייט, ווען ער איז נאָך דיין פערלאָבטער, וועט אויך בלייבען די זעלביגע זיסע, אַנגענעהמע, אַראָמאַטישע און בעגליקענדע אַטמאָספערע אויך שפּעטער, ווען ער וועט שוין זיין דיין געזעצליכער מאַן. דער מאַן איז ווי די נאַכטיגאַל : ער זינגט נאָר דאַן ווען ער שמאַכטעט נאָך ליעבע.

די נאכטיגאל האט צום ווייניגסטען דעם פארצוג, דאס יעדען פריהלינג בענייט זי איהר געטליכען געזאנג.

דער מענשליכער מאן האט ניט דעמזעלביגען פארצוג. ער זינגט נאר איינמאל ארויס די טרילער פון זיין פאעזיע, אין זיין איינציגען פריהלינג, ווען ער ווערבט די ליעבע פון דער פרוי.

אפטמאל איז דער מאן אזוי ארעם אין פאעזיע, דאס ער איז געצוואונגען זי צו קויפען, אדער אויף בארג זי צו נעהמען.

אונטער אנדערע פיעלע יונגע לייט האב איך געקענט איינעם, וואס איז געווען אזוי ארעם אין פאעזיע, דאס ער האט ניט געקענט שרייבען עפעס א רעכטען ליעבע־בריעף צו זיין כלה. ער האט זיך אבער אן עצה געגעבען: ער האט זיך גאנצע הויפענס הויכע, ענטציקענדע און פלאמענדע פאעזיע אנגעקויפט אדער אנגעבארגט. איך האב געהאט די געלעגענהייט די דאזיגע פאעטישע ערגיסונגען אין דער געשטאלט פון ליעבע־בריעף צו זיין כלה צו לעזען. זיי זיינען געווען בוכשטעבליכע קאפיען פון געטהע, אין ווערטהער׳ס בריעף צו זיין געליעבטע. אבער דאס האט איהם ניט געקענט שאדען, ווייל די כלה האט די מינדסטע אהנונג ניט געהאט, אז עס האט אמאל עקזיסטירט א וועלט־בעריהמטער פאעט מיט דעם נאמען: יאהאנן וואלפגאנג פאן געטהע, און דער דאזיגער געטהע איז דער פערפאסער פון דעם בעריהמטען ליעבעס־ווערק „ווער־טהער׳ס ליידען“.

*

וואס איך שרייב דיר דא אין מיינע בלעטער, מיין קינד, זיינען טרויעריגע זאכען, אבער עס איז פיעל בעסער זיי פריהער צו ער־פאהרען, אלס שפעטער.

היט ווי א הייליגטהום די פאעזיע, וועלכע דו בעזיצסט אין דיין נשמה און וועלכע איך און דיין גוטע מוטער האבען זיך געמיהט אין דיר איינצופלאנצען. זאל זי פאר דיר בלייבען הייליג און אונ־בעריהרט. דו וועסט מיט איהר אויף די פראזא פון דיין מאן קע־נען אויספוצען. ווען מען האט נאר בלומען אין הויז — צו וואס דארף מען וויסען, אין וועלכען גארטען מען האט זיי געזאמעלט?

# ברוכשטיקער פון דעם געזעצבוך פאַר הייראַטס־דיפּלאָמאַטיע.

## VI.



אלד ווי פון דעם פערעהרער ווערט א חתן, און פון דעם חתן — א פערהייראטער מאַן, איז מיט דעם דער פּראָבלעם פון הויזליכען גליק נאָך ניט אויפגעלייזט.

דאָס בווייזען אונז די הונדערטע און טויזענדע פון אונגליקליכע, וועלכע די שיידונג פערלאַנגען, און וועלכע זיי ערוואַרטען אומזיסט פון א טרוסליוועןֿ פּאַרלאַמענט, וואָס איז צוזאַמענגעזעצט פון דעפּוטאַטען און מיניסטער, וואָס אינטערעסירען זיך זעהר ווייניג מיט דעם וואָהל און וועה פון די, וועלכע האָבען זיי ערוועהלט.

*

עס איז זעהר א זעלטענער פאַל, דאָס אין אַן אונגליקליכער הייראַט איז די שולד אין גאַנצען אויף דעם מאַן, אָדער אין גאַנצען אויף דער פרוי.

אין מעהרסטען פאַל ליעגט די שולד בייביידען. אָפטמאָל טהיילט זיך די שולד אין צוויי גלייכע העלפט, מיט אַנדערע ווערטער: איינער איז ניט בעסער און ניט ערגער פון דעם צווייטען.

דארום, מיין טאָכטער, פאַנג דו אָן זעלבסט צו דער גרויסער קאָמפּאַניע פון גליק פאַר צווייען דיין אַנטהייל בייצוטראָגען.

דו מוזט אויף דיין מאַן קוקען אַלס א טהייל פון דיין אייגענעם „איך“, דו מוזט זיך מיט איהם בעשעפטיגען, ווי דו בעשעפטיגסט זיך מיט דיינע הענד, מיט דיין געזיכט און מיט אַלע אַנדערע גליעדער פון דיין קערפּער.

דיינע הענד, געזיכט און אַלע אַנדערע גליעדער פון דיין קערפּער, בעהאַנדעלסט דו נאָך די פאָרגעשריבענע רעגעלען פון דער היגיענע און נאָך דעם ריכטשנור פון דיין ערפאַהרונג.

און די צווייטע העלפט פון דיין „איך“, דיין מאַן, מוזט דו נאָך די רעגעלען פון א געזונדע דיפּלאָמאַטיע בעהאַנדלען.

*

דיפּלאָמאַטיע! א העסליכעס וואָרט! אָבער שרעק זיך ניט, מיין קינד!

ווען אין דער פּאָליטישער וועלט פערשטעהט מען אונטער דער בעצייכנונג „דיפּלאָמאַטיע“ די קונסט זיך געגענזייטיג צו נאַרען און צו בעטריגען, האָט זי אין צוזאַמענלעבען פון מאַן און פרוי א פיעל העכערע און שעהנערע בעדייטונג. דאָ הייסט עס: די קונסט, אָדער דאָס פערשטעהן פון איין העלפט דורך קלוגען צאַרט־געפיהל, מיט שטענדיגע ליעבע און מיט טיעפע קענטניס דאָס האַרץ פון דער צווייטער העלפט צו בעהאַנדלען.

*

אום דיר גלייך די ריכטונג פון דער דאָזיגער הויזליכער דיפּ־לאָמאַטיע צו ווייזען, מוז איך דיר זאָגען, דאָס זי מוז זיין געגרינ־דעט אויף דער באַזיס פון דער ריינער רעליגיאָן און די העכערע מאָראַל.

די גרויסע געזעצגעבער און מאָראַליסטען זאָגען:
„ליעב דיין מיטמענשען ווי זיך זעלבסט“.
די פערהייראַטע פרוי מוז זאָגען:
„ליעב דיין מאַן מעהר אַלס זיך זעלבסט“.

אָבער די דאָזיגע מאָראַלישע פליכט קען דיך מעהר ניט בינ־דען, ווען דו האָסט געהייראַט א מאַן, וועלכער איז דעם נאָמען „מאַן“ ניט ווירדיג, ער איז אַן אייז־קאַלטער עגאָאיסט, א פער־זונקענער אין דעם זומפּ פון די נידעריגסטע ליידענשאַפטען, א ציניקער איבער אַלעס, וואָס דער ציוויליזירטער מענש עהרט, אכ־טעט, האַלט פאַר הייליג און פערגעטערט. דו וועסט זיך גאָר אומ־זיסט צווינגען אזא מאַן צו אכטען און צו ליעבען, דיין מאָראַלישער אינסטינקט וועט דיך פון איהם צוריקטרייבען ווי פון א פערפוילטער נבלה.

*

דו זאָלסט פון דיין מאַן אימער ווייניג פאָדערען, זעהר ווייניג, און דערפאַר וועט ער דיר פיעל, זעהר פיעל געבען.

זיי תמיד געגען איהם זעהר נאַכזיכטיג,, און ווען ער איז נאָר עהרענהאַפט און ליעבט דיך, זאָלסט דו קיין פּראָטעסט אויפהויבען געגען קיינע פון זיינע צושטרייאונגען, געגען קיינע פון זיינע קאַפּ־ריזען.

דו דאַרפסט שטענדיג אין זינען האָבען, דאָס די מענער זיינען ניט ווי די פרויען, וועלכע לייגען אַוועק אין דער ליעבע אַלע זייערע אוצרות פון געפיהל, אַלע פלאַמען פון דער ליידענשאַפט, אַלעס, וואָס זיי זיינען, וואָס זיי ווייסען און וואָס זיי בעזיצען; דאַרום זיינען אויך די זינד פון דער פרוי פיעל שרעקליכער און פערדיענען מעהר פערדאַמט צו ווערען, ווייל איהר זינד האָט דאָס הייליגטהום פאַרשוועכט.

די מענער, דאַגעגען, זיינען אין דער ליעבע, ווי זיי זיינען אין עסען און אין טרינקען און אין געהן. די ליעבע איז ביי זיי נאָר אַ זייטיגער צווייג פון לעבען, אָבער ניט דאָס גאַנצע לעבען ווי ביי דער פרוי. פיעלע פון זייערע אונטרייהייט־זינד, כמעט אַלע זייערע זינד, זיינען פערצייהליכע. אַ האַלבע שטונדע שפּעטער פערגעסען זיי די בעגאַנגענע זינד צוזאַמען מיט דער זינדערין און קומען אַהיים נאָך צערטליכער, נאָך ליידענשאַפטליכער צו זייער געטרייער פרוי.

*

וויפיעל פרויען האָבען דורך אַ צו־ענערגישען פּראָטעסט, אָדער דורך אַן איבערגעטריבענע אונדולדזאַמקייט אַ פאַמיליע, אַמאָל אויך צוויי פאַמיליען צושטערט! אין דער ערסטער אויפוואַללונג פון צאָרן, האָבען זיי פון אַ קאַפּריז אַ ליידענשאַפט געמאַכט און אַן איינפאַכע איבערטרעטונג, איז אין זייערע אויגען אַלס אַ שרעק־ליכעס פערברעכען אויסגעוואַקסען, אַ פערברעכען, וועלכע דאָס געריכט דאַרף בעשטראָפען.

*

אָבער די מעהר בעזאָנענע, די מעהר כאַראַקטער־שטאַרקע פרויען זיינען מעהר דיפּלאָמאַטיש און ווייסען בעסער אַזעלכע אַנ־געלעגענהייטען צו בעהאַנדלען. זיי פּראָטעסטירען ניט, זיי מאַ־כען ניט קיינע גוואַלדען צום הימעל און לאָזען ניט צו צו אַן עפענטליכען סקאַנדאַל, וואָס מוז אונבעדינגט איינע אָדער צוויי

פאמיליען רואינירען. מיט א לייכטען קלאפּ, וואס איז מעהר עהנ־ליך צו א צערטליכען גלעט, אדער מיט א פארוואורף, וואס קלינגט ווי א שפּאס, און קען דעם מאן דורכאויס ניט בעליידיגען, פיהרען זיי אריין דאס פעראירטע שעפעלע צוריק אין פריעדליכען שטאלל, און דורך דעם ווערט דער הויז־פריעדען פון צוויי פאמיליעס ניט געשטערט.

— איך וויים אלעס, אבער איך פערצייה דיר... איך וויים, דאס דו האסט מיך אימער ליעב"...

דאס זאגט די דיפּלאמאטישע פרוי צו דעם זינדיגען מאן און די וויינינגע רוהיג־געשפּראכענע ווערטער זיינען גענוג א גוואלדיגע ווירקונג אויף דעם מאן צו מאכען. ער ווערט רויט ביז די ווארצלען פון זיין האר, ער קניעט ניעדער פאר זיין פרוי און בעזיעגעלט איהר פערצייהונג מיט הייסערע צערטליכקייטען, מיט א ניי־בע־לעבטע ליידענשאפט און מיט א פערדאפּעלטער ליעבע.

*

ווען דיין מאן וועט ניט האבען דעם מוטה זיין שולד מודה צו זיין און וועט זוכען דורך א גאנצען סיסטעם פון פיין־געשפּו־נענע ליגענס זיך צו רעכטפערטיגען, לאז איהם די קייט פון זיינע ליגענס ווייטער אויסליעבען און ענטוויקלען און ברעך איהם ניט אונטער, העד איהם צו מיט געמאכטען ערנסט, קענסט אויך דערביי לאזען איבערלויפען א שמייכעל אויף דיינע ליפּען, און לאז איהם האבען די איינבילדונג דאס דו גלויבסט איהם, אויך דאן, ווען ער דערצעהלט דיר לויטער אבסורדען, אויך דאן, ווען ער מאכט זיך זעלבסט לעכערליך ווי א קינד, וועלכען מען האט געכאפּט נאשענדיג.

איך האב שטענדיג אן עהרבארע פרוי בעוואונדערט, וועלכע איז ביז איהר טויט פון איהר מאן פערגעטערט געוועזען. בעוואונ־דערט דערפאר, וואס אום צוויי דעם זייגער נאך האלבע נאכט און איהר מאן איז נאך אלץ אהיים ניט געקומען, פלעגט זי אימער די ווייזערס פון זייגער צוריקדרעהען אמאל אויף צעהן פאר האלבע נאכט און אמאל אויף עלף, און אז דער מאן פלעגט ענדליך קומען, פלעגט זי צו איהם מיט א פריינדליכען שמייכעלע זאגען:

ווי גוט דו ביזט, מיין ליעבער, וואס דו ביזט פריה אהיים

געקומען! דיין גוטע און ליעבענדע הארץ האָט דיך געוויס אין די אָרעמס פון דיין ליעבענדע פרוי צוריקגעטריעבען.

פיעלע וועלען די דאָזיגע האנדלונגען פון דער פרוי האלטען פאר דומהייט, אָדער פייגהייט; איך זעה אין דער דאָזיגער האנדלונג די העכסטע פאָרמען פון הערא‌אישער ליעבע און הויזליכער וויז־הייט.

*

איך ווינש און האָף, אז דו זאָלסט דעם דאָזיגען הערא‌איזמוס נאָר ניט בעדארפען, אָבער צו דעם דאָזיגען הערא‌איזמוס מוזט דו פעהיג זיין.

נאַטירליך מוז דיין מאַן ווערטה זיין דאָס דו זאָלסט זיך מיט דעם הערא‌איזמוס בענוצען, ווען ער וועט דיר נויטיג זיין.

פאר דעם גאַנץ פערדאָרבענעם מאַן, פאר דעם, וואָס זינדיגט אויס געוואָהנהייט, פאר דעם ניעדריגען און כאראקטערלאָזען מאַן איז ניטאָ קיין רחמנות און קיין פערצייהען!

ווען דו האָסט די אכטונג צו דיין מאַן פערלאָרען, דאַן שייד זיך פון איהם, און ווען דו קענסט דורך דעם געזעץ די שיידונג ניט בעקומען, דאַן מאַך מיט דיין פינגער אַ פייערדיגע ליניע, וואָס שיידט דיך אָב פון איהם.

די זינד פון דעם מאַן, וועלכע שטאַמען פון אַ מאָמענטאַנען קאפּריז, טאָרען זיך ניט טעגליך ווידערהאָלען, זיי טאָרען ביי איהם אַ שטענדיגע געוואָהנהייט ניט ווערען, די שוואכקייט פון אַ מאָמענט דארף זיין גאַנצען כאראקטער ניט פּאראליזירען.

*

ביי אונטערשיידונגען אין געשמאַק, אין אידעען, אָדער אין דער הויז־אָרדנונג, זאָלסט דו איהם אין קליינע זאכען נאָכגעבען נאָך זיין געשמאַק, נאָך זיין אידעע און האלטען די הויז־אָרדנונג ווי ער פערלאַנגט, דאַן וועט דיר פיעל לייכטער זיין גרעסערע זאכען נאָך דיין געשמאַק און נאָך דיין ווילען איינצופיהרען.

שטענדיגע מיינונגס־ און געשמאַק־פערשיעדענהייטען, ווען זיי זיינען אפילו על פּי רוב גערעכטפערטיגט, איז גלייך צו דעם ראָסט וואָס צופרעסט און פערצעהרט די ליעבע.

פעסט זיין און דיין גאַנצע אויטאָריטעט געברויכען מוזט דו

נאָר ביי די פראגען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג אין לעבען, צום ביישפיעל: דאָרט, וואו עס האנדעלט זיך וועגען דיין עהרע און דיין ווירדיגקייט, אָדער עס האנדעלט זיך וועגען דער ערציהונג פון דיינע קינדער; אָבער ביי די ווענינער וויכטיגע פראגען, וואָס בע־ריהרען די קליידונג, די קיך, די בעציהונגען צו גלייכגילטיגע פער־זאָנען, מוזט דו אימער נאָכגעבען דיין מאַן׳ס פערלאַנג.

*

ווען דו ווילסט עפּעס וואָס (און דערצו האָסט דו גראָדע אזוי פיעל רעכט ווי דיין מאַן), מוז זיך דיין ווילען שטיצען אויף פער־נונפט, אָבער קיינמאָל ניט אויף עהרזוכט.

*

ווען דו ווילסט פון דיין מאַן עטוואָס האָבען, זאָלסט דו דיין וואונש אין אַ מילדע פאָרם אויסשפּרעכען, אָבער קיינמאָל ניט אין אַ בעפעהלענדען טאָן.

דער מאַן איז געוועהנט שטענדיג צו בעפעהלען, ער האָט די פולע איבערצייגונג פון הערדענרעכט, און ווען מען זאָגט איהם דעם טרוקענעם „איך וויל“, טרעט ער ארוים מיט אַ קאטעגאָרישען פּראָטעסט; דאַגעגען גיט ער אימער נאָך, ווען ער הערט דעם מילדען און זאַנפטען „איך ווינש“.

דאָס איז די הויז־דיפּלאָמאַטיע, די ווייזהייט, די פּאָליטיק און אויך די טוגענד.

ביי שווערע אונטערנעהמונגען, ווען דו ווילסט אָדער דו מוזט דיין מאַן איבעררעדען עטוואָס וויכטיגעס צו טהאָן, און דו מערקסט, אַז איהם פּאַסט דאָס ניט, מוזט דו די ווערטער און די אנגעלע־גענהייט אזוי בויגען, דאָס עס זאָל איהם אויסזעהן אזוי ווי ער וויל אליין, וואָס דו פערלאַנגסט פון איהם.

איינער, מיינער אַ בעקאַנטער מאַן, האָט זיך פּאָר מיר בע־ריהמט, דאָס זיין פרוי גיט איהם נאָך אין אַלעס, און האָט איהם קיינמאָל ניט ווידערנעשפּראָכען ניט אין גרויסע און ניט אין קליינע אנגעלעגענהייטען.

איך האָב די פרוי נעקענט און האָב נעוואוסט, דאָס אין דער ווירקליכקייט האָט זי שטענדיג איהר ווילען דורכגעזעצט, און צום

גליק פאַר דער פאַמיליע האָט זי נאָר אימער גוטעס און גערעכטעס געוואָלט; אָבער די צוויי ווערטער „וועלען“ און „בעפעהלען“ האָט זי פון איהר ווערטערבוך אויסגעמעקט. זי האָט געפונען, אַז די דאָזיגע צוויי ווערטער זיינען ניט נאָר נוצלאָז, זיי זיינען אָפטמאָל אויך זעהר געפעהרליך.

אָבער יענע פרויען, וואָס האָבען די דאָזיגע צוויי ווערטער שטענדיג אויף די ליפּען, געלינגט עס קיינמאָל ניט צו וועלען און צובעפעהלען און מיט הארץ־וועהטאָג מוזען זיי זיך אונטערגעבען אין א שקלאַווערייַ, וואָס ערנידריגט און ענטעהרט זיי.

דער מענגליכער מענש איז א ווילדע חיה, וועלכע מען קען דרעסירען און הויזליך מאַכען דורך זיסע ווערטער, דורך צערט־ליכקייטען און קוסען. אָבער יענע, וואָס הויבען אויף איהם אויף די שטימע, אָדער די האנד, ווייזט ער זיינע שארפע צייהן. אוך די ווילדע לייבען לאָזען זיך בעסער מיט מילך בעהערשען, אַלס מיט דער קנוטע.

*

דו פערגעטערסט דיין מוטער, און דיין מוטער איז א היילינע, וועלכע האָט נאָר פאַר מיך און איהרע קינדער געלעבט; אָבער ווען דו וועסט הייראַטען, מוזט דו מיט דיין מאַן אליין לעבען.

איך ווינש דיר, דאָס דו זאָלסט דיין נייעם נעסט אויסבויען נעבען דעם אַלטען נעסט, אין וועלכען דו ביזט געבאָרען געוואָרען, אָבער אין קיין פאַל זאָל דיין נייער נעסט ניט אין דער הויז פון דיינע שוויעגער־עלטערען און אויך ניט אין דער הויז פון דיין מוטער זיין. דיר וועט אין דער הויז פון דיינע שוויגער־עלטערען ניט גאַנץ אנגענעהם זיין, און אַזוי אויך דיין מאַן אין דער הויז פון דיין מוטער.

אין די גליקליכע שטונדען, ווען דאָס גאַנצע הארץ ווערט דער־טרונקען אין דעם האָניג פון די זיסעסטע און גרויסמוטיגסטע צערט־ליכקייטען, וועט דיר דיין חתן געוויס פאָרשלאָגען פון דיין מוטער זיך ניט צו שיידען. דאָס איז אייגענטליך א מתנה, וועלכע ער מאַכט דיר, אָבער איך ראַטה דיר די דאָזיגע „מתנה“ ניט אָנצו־נעהמען, ווייל זי איז נאָר איינע פון יענע ווערטהלאָזע העפליכקיי־

טען, מיט וועלכע יעדער חתן שאַקעלט פון ארבעל אזוי פיעל און אזוי אָפט פּ א ר דער חתונה.

ניט אומזיסט האָבען די שפּריכווערטער, די קאָמעדיע און די סאַטיריקער פון אַלע צייטען דעם שווער און די שוויגער מיט זייער הומאָר און זייערע סארקאזמען פערפאָלגט.

יענע שפּריכווערטער, יענע שמיץ פון גייסטיגע און מאָראַלישע ריטער, איז דער זאַפט א הונדערט־יאָהריגער ערפאהרונג.

עס איז אמת, אז עס זיינען דאָ פּאַטריארכאלישע פאַמיליען, וואו איין נעסט מיט איין אַטמאָספערע פון רוהיגער גליקזעליגקייט שטעהט אין איין שורה מיט אנדערע נעסטען פון דעמזעלביגען מין.

אָבער די זיינען זעלטענע אויסנאהמען, וועלכע מאַכען דער מענשהייט עהרע, אָבער זיי זיינען אויסנאהמען און זיינען זעלטען; אין פאַל אָבער, ווען מיר פערלאָזען זיך ביי דער קונסט צו לעבען מיט דער בערעכנונג פון דער וואהרשיינליכקייט, קענען מיר אָנ־נעהמען, אז יענע פּאַטריארכאַלישע פאַמיליען מיט זייערע רוהיגע נעסטער, זיינען גאָר ניט אזוי זעלטען, זיי זיינען פיעלייכט אין דער מעהרהייט.

צווישען דעם איידעם און דער שוויגער גיט עס א גאַנצע מעננגע אורזאַכען, וועלכע רופען ארויס קריעג צווישען זיי. דאָ האַנדלען מיינונגס־פערשיידענהייטען, געשמאַק־פערשיידענהייטען, זייטיגער איינפלוס, אָפטמאָל אויך אביסעל אייפערזוכט, און די דאָזיגע אורזאַכען לאָזען ניט צו, דאָס דער איידעם מיט דער שוויגער זאָלען קענען לעבען אין פריעדליכע בעציהונגען.

זאָלסט קיינמאָל דיין מאַן ניט ברייגגען אין דער לאַגע דיין מוטער צו בעליידיגען, אָדער דיר אונרעכט צו געבען.

ליעבט אייך בעסער פון ווייטען פון די שוויגער־עלטערען, איי־דער פון נאָהענטען זיך צו האסען. זייט העפליך אונטער איינאַנדער און דו זיי געגען דיינע שוויגער־עלטערען, געגען דיינע שוואָגערס און שוועגערינס און געגען אַלע מיטגליעדער פון דיין נייע פאַמיליע גאַנץ פריינדליך און ליעבענסווירדיג. שוויעגערעלטערען האָבען שטענדיג זעהר פיעל פּרעטענזיעס, זעהר ווייניג גערעכטע און פיעל אונגערעכטע. זיי זיינען מיט פיעל יאָהרען עלטער פון זייערע איי־דעמס און שניר און גלויבען, דאָס זיי ווייסען יעדע זאַך גרינדליכער

און בעסער, ווילען זיי, אז די יונגע זאָלען טאַנצען נאָך זייער מוזיק, און דארום מוזען די פּערניפּטיגע יונגע זיך האַלטען אין מיטעל־וועג. אין וויינינער וויכטיגע אנגעלעגענהייטען נאָכגעבען און נאָר אין וויכטיגע זאכען בלייבען ביי דעם אייגענעם שטאַנדפּונקט.

*

מיין ליעבע טאָכטער, ווער ניט בייז, ווען איך פּיהל מיך גע־צוואונגען אויף פאָלגענדען ראטה צו געבען:

זאָג דיין מאַן קיינמאָל ניט קיין ליגען, אויך ניט דעם קלענס־מען ליגען.

איך וויים ווי אויפּריכטיג דו ביזט, ווי אונפעהיג דו ביזט א ליגען צו זאָגען, אָבער דיין נייע שטעלונג אַלס פערהייראַטעטע פרוי, מאַכט דיינע בעציהונגען צו מענשען און צו געוויסע זאכען זעהר קאָמפּליצירט, און דאָס וועט דיך זעהר אָפט ברייגנען צו דער ביטערער דילעמאַ:

ענטוועדער א ליגען זאָגען; אָדער דעם מאַן, וועלכען די ליעבסט, א קרענקונג צו פעראורזאכען.

די מעהרסטע פרויען, ווען זיי קומען אין לעבען צו דעם דאָ־זיגען שיידע־וועג, זאָגען ניינציג פון הונדערט בעסער א ליגען.

זיי זאָגען אויך ליגענס אין ווענינער וויכטיגע זאכען, נאָר ווייל זיי האָבען אנגסט דאָס דער מאַן זאָל זיך ניט בייזערען, אָדער זיי וועלען זיך דארפען רעכטפערטיגען, פערטהיידיגען, אָדער זיי וועלען דארפען געבען לאַנגע און פערוויקעלטע ערקלערונגען.

און מיט א גלאַטען ליגען מאַכט מען דאָס קירצער און בעסער.

אַלעקסאַנדער דער גרויסער האָט דעם גאָרדישען קנופּ*) מיט זיין שווערד צושניטען און זיין שניט געהט בעריהמט און אונשטערבליך דורך די יאָהרהונדערטער.

---

*) גאָרדישער קנופּ איז וואַהרשיינליך אַ לעגענדע, וואָס דערצעהלט, דאָס צום וואָגען פון קעניג גאָרדיוס איז געווען צוגעבונדען אַ קינסטליך פערוויקעלטער קנופּ, וועלכען קיין מענש האָט ניט געקענט פאַנאַנדערוויקלען, און אַלס מען האָט איהם געבראַכט פאַר אַלעקסאַנדער דעם גרויסען, האָט ער איהם איינפאַך מיט זיין שווערד דורכגעשניטען. דאַרום הייסט אין דער ליטעראַטור יעדע אונלייזבאַרע פּראָבלעמע אָדער דילעממאַ: גאָרדישער קנופּ. — דער איבערזעצער.

די פרויען שניידען דורך כמעט טאָג־טעגליך די קליינע „גאָר־דישע קניפּלאך", וועלכע פארוויקלען זיך אונטער זייערע פינגער אין זייער פערהייראטעטען לעבען און וועלכע זיי קענען ניט פאנאנדער־וויקלען, מיט יענעם קליינעם שווערד. וועלכען זיי האָבען אימער אין קעשענע, אויפ'ן טיש, אין בעט, מיט איין וואָרט: איבעראל, און דער דאָזיגער שווערד הייסט: דער ל י ג ע ן.

עממא, זאָג דיין מאן קיינמאָל ניט קיין ליגען!

וואָס פאר א דילעמא עס זאָל דיר אין לעבען ניט פאָרקומען, וואָס פאר א קניפּעל עס זאָל זיך ניט פארוויקלען צווישען דיינע פינגער, זוך עס ניט פאנאנדערצואוויקלען דורך א ליגען.

בלייב שטענדיג ביי דיין זעלבסט־אכטונג, ביי דער ליעבע צו דער הייליגער ווארהייט, און דיין מאן וועט דיך הויך אַוועקשטעלען אויף אזא פונדאמענט, וואָס איז גלייך צו א מזבח.

א מאן קען שטאָלץ זיין, ווען ער האָט א יונגע און א שעהנע פרוי, ווען ער ווערט ווי אלע לויבען איהר בילדונג און איהר גייסט, אָבער נאָך שטאָלצער וועט ער זיין, ווען ער וועט קענען זאָגען:

— מיין פרוי איז אונפעהיג א ליגען צו זאָגען.

אין אונזער יאָהרהונדערט, אין וועלכען חניפה און רמאות איז געוואָרען א מאַכט, אין וועלכען די עסטעטישע און מאָראלישע פאָר־דערונגען האָבען פאר דעם מענשען טעגליכע טוגענדען געשאפען, טוגענדען, וועלכע ער בעזיצט ניט, אין וועלכען דער שקר פארווי־קעלט אונז דעם קאָפּ ביז די פיס, ווי די שפין פארוויקעלט אונז מיט איהר'ע עקעלהאפטע פעדים, ווען מיר געהען דורך א פערלאָזענעם און וויסטען גאָרטען — איז די קענטנים פון א הויכען און ריינעם בערגיל, צו וועלכען דער שקר קען ניט דערגרייכען און אויף וועל־כען מיר קענען זיך ראטעווען פון פאלשע חניפה און רמאות, א וואהרע הארצפרייד, וועלכע איז געגוג דעם מענשען דאָס לעבען צו בענשען.

דער קרעמער פערגיפטעט אונז מיט זיינע פערפעלשונגען, דער דאָקטאָר נאַרט אונז מיט זיין מיטלייד, די ניעדריגע מענשען חנפה'ן אונז, אום פון אונז עפּעס וואָס צו בעקומען, און די הויכגעשטעלטע מענער פערשפּרעכען אונז מיט זייערע ליפּען שוץ און פּראָטעקציאָן און פערגעסען באלד זייער פערשפּרעכען. אין די קירכען זעהען מיר

זעהר פיעל קניענדע און זעהר וועניג גלויביגע, אין פּאַרלאַמענט הע־
רען מיר זעהר פיעל פּאַטריאָטישע ווערטער, אָבער זעהר וועניג גוטע
האַנדלונגען, און אין די פאַמיליען אָרום און נאָר פערראַטה
און ניעדריגען שאַכער!

אָבער אין דעם דאָזיגען ווילדען מדבר געפינען מיר אימער א
גרינע און בליהענדע אָאַזע, וואו אין דעם גראָז זיינען שלאַנגען ניט
פערבאָרגען, וואו עס וואַקסען אָהן דערנער, וואו דער ביען האָט ניט
די שאַרפע נאָדעל צום שטעכען און דער הימעל איז תמיד ריין פון
וואָלקענס: די דאָזיגע אָאַזע איז די נ ש מ ה פ ו ן א ו נ ז ע ר
פ ר ו י.

דאָרט, ביי אונזער פרוי, זוכען מיר מיט גרויס צוטרויען און
מיט זיכערהייט דעם מקום מנוחה, דעם פריעדליכען האַפען, אום צו
הערען דעם „יא“, וואָס איז אימער א „יא“, און דעם „ניין“, וואָס
איז אימער א „ניין“. דאָרט, אויף דעם דאָזיגען פּראָביר־שטיין,
לייגען מיר דאָס פאַלשע גאָלד, די פאַלשע בריליאַנטען, אום צו
ערפאַהרען ווי ווייט דאָס גאָלד און די בריליאַנטען זיינען ריין און
עכט און ווי גרויס זייער ווערטה איז, דאָרט טראָגען מיר אַלע אונ־
זערע גרויסע און קליינע חניפות, שקרים און רמאות און מיר לאָזען
זיי פערברענט ווערען און אין רויך אויפגעהן אונטער די גליהענדע
שטראַהלען פון דער ז ו ן ־ א מ ת.

מיר, קראַנק און האַלב פערצווייפעלט פון דער אַלגעמיינער
הייכעליי, פון די אייביגע פאַלשקייטען און פעלשונגען, וועלכע
פערגיפטען אונזער׳ לעבען, זוכען מיר די טרויסטענדע און בעגלי־
קענדע ווארהייט ביי אונזער פרוי, און וואָס פאַר א נחת פיהלט אונ־
זער נשמה, ווען מיר געפינען די רוה און דעם פריעדען אין א אויפ־
ריכטיגע, אָן אָפענע און מוטהיגע, אימער אויפריכטיגע פרויען־
הארץ! ווי ברייט ערווייטערט זיך אונזער ברוסט, און מיט וועל־
כען הייסען דאָרשט אונזערע לונגען אטהמען איין די פרישע לופט,
די בערוישענדע שטאַרקונגס־מיטלען פון דער זיכערער וואַרהייט!

ווי פיהלען מיר זיך געטרייסט איבער אונזער מענש־זיין, ווי
שטאָלץ זיינען מיר ביי דעם בעוואוסטזיין, דאָס יענעם וועזען, איי־
נע פון די זעלטענע וועזען, פון א ריינעם בריליאַנט געשאַפען, איז
אונזער פרוי!

עטוואָס עהנליכעס פיהלט מען, ווען מען איז מעהרערע טעג גע־וואַנדערט דורך די פייכטע זומפּיגע טהאָלען און די פאַרפּעסטעטע לופט איינגעאָטעמט, און מען שטייגט ענדליך ארויף די הימעל־הויכע הימאַלאַי־בערג, וואו מען געפינט ריינע, קריסטאַל־קלאָרע און געזונדע לופט פאַר די קראַנקע לונגען.

*

ווען אַלע פרויען וואָלטען געוואוסט וועלכע אונענדליך גרוי־סע מאכט עס ליגט אין דער אויפריכטיגקייט, וואָלטען זיי באַלד אויפגעגעבען זיך צו בענוצען מיט די קליינע און אויך מיט דער טאַקטיק פון די גרויסע און קלוג אויסגעדאַכטע ליגענס.

די פרויען בענוצען זיך מיט ליגענס אָפט און גוט, אָבער עס ליגט אין דעם קיין קונסט, ווי פערבאָרגען און פיין די ליגענס זאָלען ניט זיין, וואָס זאָל גענוג זיין זיי אונפעהלבאַר צו מאַכען. פריהער אָדער שפּעטער מוז זיי דער מאַן פון אונטער דער מאַסקע מעהר אָדער ווייניגער בעמערקען.

נון, איז דער רעזולטאַט זעהר טרויעריג. איין ניט־געלונגענער ליגען מאַכט דיך פערליערען די פרוכט פון אַלע געלונגענע. פון דעם טאָג אָן נוצט דיר שוין מעהר ניט דיין אויפריכטיגקייט, דיין וואַר־הייט, יעדע פון דיינע בעהויפּטונגען ווערט אָנגעצווייפעלט ; צו דיין יעדעס „יא“ און „ניין“ וועט דיין מאַן אַ פראַגעצייכען שטעלען. דו האָסט אין זיינע אויגען דיין הייליגקייט אויף אימער פערלאָרען, דו האָסט ענטהייליגט דעם בית־המקדש, אין וועלכען דיין מאַן האָט דיך איינגעפיהרט.

מען איז נאָר איינמאָל אין לעבען יונגפרוי. מיט דיין ערשטען ליגען פערלירסט דו אַלע יענע אַנדערע מעלות פון דער יונגפרוי־ליכקייט, פיעלייכט די בעסטע און טהייערסטע פון זיי, וועלכע האָ־בען ניט געהאַט די פעהיגקייט די אויפריכטיגקייט און די וואַר־הייטס־ליעבע אונטריי צו ווערען.

דו וועסט דיין מאַן אַ גאַנצען קראַנץ פון בלומען צובריינגען: דיין יוגענד, דיין שעהנהייט, דיין אנמוטה, אָבער איינע נאָך די אַנדערע פון די דאָזיגע בלומען וועלען פאַרוועלקען. געפינט זיך אָבער צווישען די דאָזיגע בלומען אויך די אויפריכטיגקייט איינגע־פלאָכטען, וועט זי ביז צום לעצטען אָטהעמצוג פריש און דופטינג

בלייבען, און דיין מאַן וועט יעדעס מאָל שטאָלץ זיין קאָפּ אויפ־הויבען, ווען ער וועט פאַר אַלעמען קענען זאָגען: „זי, מיין פרוי, האָט עס געזאָגט!“ דאָס וועט איהם דיענען אַלס אויסדרוק פון העכ־סטער ווארהייט, אַלס זיננפערוואַנדטער אויסדרוק פון א גרונד־געזעץ, וואָס לאָזט ניט צו קיין צווייפעל, קיין אונגלויבען.

און גלויב מיר, זיינע אויגען וועלען פאַר צערטליכקייט פייכט ווערען, ווען ער, אין בעשטעטיגונג צו זיינע פריהערדיגע ווערטער, וועט צוגעבען:

— מיין פרוי האָט קיינמאָל קיין ליגען געזאָגט!

*

דיין חתן וועט דיר אייביגע ליעבע צושווערען און דו וועסט איהם אייביגע ליעבע שווערען. די אייביגקייט געהערט ניט נאָר צו גאָט, זי געהערט אויך צו די ליפּען פון אַלע פערליעבטע.

אויך דער גרויסער געלעהרטער ג אָ ט י ע האָט געזאָגט:

„יעדע גרויסע ליידענשאַפט האָט די פּרעטענזיע צו זיין אייביג, און עס איז דארום זעהר ליכט פאַר יעדען ליידענשאַפטליכען מענ־שען צו שטאָלצירען מיט דיעזער אייביגקייט, ניט טראַכטענדיג פון איהרע אונאַנגענעהמע רעזולטאַטען“.

אָבער יעדע נייגונג, ווי שטאַרק, אויפריכטיג און טריי זי איז, מוז דורכלויפען די דריי פּעריאָדען, וועלכע יעדעס לעבענדע, אָדער צום לעבען אנגעהעריגע זאַך מוז מיטמאַכען:

געבאָרען ווערען, וואַקסען און שטאַרבען.

וואָס עס איז שייך צום שטאַרבען, גיב איך דיר צו, דאָס דיין ליעבע וועט שטאַרבען, אָבער נאָר מיט דיר צוזאַמען, און די ליעבע פון דיין מאַן וועט ניט אונטערגעהן, אויסער מיט דעם אונטערגאַנג פון זיין לעבען.

אָבער עס גיבט אַן „אָבער“. וואָס עס איז שייך צו וואַקסען, וועט עס זיין א שטענדיגע בעוועגונג, ווי דו וועסט זיך פיעלייכט איינבילדען, אָבער דאָס וואַקסען האָט אַן ענדע, בעסער געזאָגט: די נייגונג בלייבט שטעהן אויף א געוויסען פּונקט, איהר פּולס ווערט לאַנגזאַמער, די ליידענשאַפט קיהלער.

פוןביידע ליעבעס־פּעריאָדען איז די צווייטע די ריכטיגע. אין יעדער ליעבע גיט עס א פּעריאָדע, אין וועלכע אונזער הארץ

און דאָס האַרץ פון דער געליעבטער פּערזאָן האָט שוין אַלעס געגע־בען, וואָס זיי האָבען געקענט געבען, און ווייל מיר מענשען זיינען נ אָ ר מענשען, קענען מיר ניט געבען דאָס העכסטע, וואָס נאָר א העכערע קראַפט, וואָס שטעהט איבער אונז, קען געבען.

און ווייל דאָס וואַקסען פון דער ליעבע איז דאָס שעהנסטע און ערהאבענסטע און אנגענעהמסטע אין איהר פּעריאָדע, מוזען מיר אָנווענדען אַלע מעגליכע מיטלען, אום צו פערהינדערען, דאָס דער פּראָצעס פון איהר וואַקסען זאָל זיך ניט צו־שנעל ענטוויקלען. איהר וואַקסטהום מוז לאַנגזאַם, זעהר לאַנגזאַם און לאַנג, זעהר לאַנג געדויערען.

אין אַן אַנדער פּלאַץ זאָגט דערזעלביגער גאָטיע פאָלגענדעס: „אין דער ליעבע, ווי אין דער פּאָעזיע, ווען מען בלייבט שטעהן אויף א געוויסען פּונקט און מען קען ווייטער ניט געהן, הייסט עס: מען געהט צוריק", און ווען די דאָזיגע בעהויפּטונג פון דעם גע־לעהרטען גאָטיע איז אויך ניט די גאַנצע וואַרהייט, עס ליגט אָבער אין איהר דאָך א גרויסע וואַרהייט.

דאַרום, מיין קינד, אום דאָס צו־שנעלע וואַקסען פון דער ליעבע צו פערהינדערען, מוזט דו אַזוי דיין לעבען איינריכטען, דאָס פון צייט צו צייט זאָל דיך דיין מאַן אַליין איבערלאָזען און דאָס ער זאָל אַליין בלייבען. די מיטלען דערצו זיינען: געזונדהייטס־ריק־זיכטען און געשעפטס־ריקזיכטיגען.

פאָהר ניט איבעראַל וואוהין ער פאָהרט אין געשעפטס־אנגע־לעגענהייטען, און זאָג איהם קיינמאָל ניט, דאָס דו קענסט קיין איינציגען טאָג אָהן איהם לעבען.

איך גלויב, אז דורך זיין אָבוועזענהייט וועסט דו ליידען, און אויך ער וועט דעם זעלביגען שמערץ פיהלען, אָבער דאָס וועלען זיין צוויי שמערצען, וואָס וועלען אייך אונענדליכע פריידען פאַר־בערייטען.

נאָך א לאַנגען פאַסטען שמעקט יעדע שפּייז דאָפּעלט בעסער און נאָך א לאַנגען דאָרשט קוויקט מען זיך פיעל בעסער מיט גע־וועהנליכען וואַסער.

עס איז גוט, דאָס איהר זאָלט פון צייט צו צייט דעם דאָרשט

נאָך אייער קוסען און דעם הונגער נאָך אייערע צערטליכקייטען פיהלען.

דאָס איז די זיכערסטע ארט און וויזע די ליעבע אימער אין איינעם און דעמזעלביגען צושטאנד פון אנגענעהמער שפּאנונג צו ערהאלטען. איך, וואָס האָב דיין מוטער אימער פערגעטערט און וועל זי ביז דאָס ענדע פון מיין לעבען פערגעטערען, פלעג מיך, א יאָהר נאָך מיין הייראַטען מיט איהר, דורך פערשיעדענע אויסריידען פון איהר דערוייטערען און די דאָזיגע געוואָהנהייט בין איך טריי געבליבען ביז היינטיגען טאָג.

און מיט מיין יעדען צוריק קומען אהיים, האָב איך פאר אונז א נייעם „האָניג־מאָנאַט“ מיטגעבראכט, און ביז היינט גלויב איך, דאָס אונזער ליעבע האלט נאָך אימער אין וואקסען.

*

דער וואונש איז די פלאנצע, פון וועלכע עס קומען ארויס אלע אונזערע לעבענס־פריידען; כל זמן מיר זאָרגען פאר זייער לעבען און מיר האָדעווען זיי מיט דעם גייסט פון דער ליעבע, קענען מיר זיכער זיין, דאָס זיי וועלען אונז זיסע פרוכט ברייננגען.

עס זיינען אָבער דאָ זעהר פיעל מענשען, וואָס האנדלען ווי די ווילדע, וועלכע אנשטאָט די פלאנצע צו האָדעווען און אנשטאָט איהרע צווייגען ארויפצוקלעטערען, אום די פרוכט צו נעהמען, ווארפען זיי דעם בוים מיט א האַק, אום פון דעם ערמאָרדעטען בוים לייכטער די פרוכט צו זאמלען.

דאָס טהוען מיר אויך, ווען מיר בעפריעדיגען אלע אונזערע ווינשונגען אויף איינמאָל און מיט דעם טויטען מיר דעם בוים, וואָס דארף אונז די לעבענס־פריידען געבען.

ווען דו וועסט שוין איינינגע מאָנאַט פערהייראַטעט זיין, וועסט דו דאַן די גאנצע וויכטיגקייט פון מיין ראטה בעגרייפען, וועלכער איז גענוג פאר דיר די אייביגע פריידען פון הויזליכען נעסט צו זיכערען.

אין געוויסע זאכען דארף מען דעם מאַן ניט אלע מאָל „יאָ“ זאָגען.

מאַך דאָס ווי מאַנכע קרעמער מאַכען. זיי שטעלען אויס א טאָוועל מיט דער אויפשריפט:

— היינט פערקויפען מיר ניט אויף קרעדיט, ערשט מאָרגען.
און אויף געוויסע פערלאַנגען פון דיין מאַן, ענטפער איהם:
— ניט היינט, מיין ליעבער, פיעלייכט מאָרגען!...
דאַן, ווען עס איז דורכאויס נויטיג, מאַך פון דעם מאָרגען אַן איבערמאָרגען, און פון דעם איבערמאָרגען נאָך אַ ווייטערע צייט — פיעלייכט אַן אייביגע.
דו מוזט אימער דיין מאַן עטוואָס געבען. אָבער די ליעבע, וואָס איז געדאַנקענלאָז און נאַריש, וועט דיר אפשר דיקטירען איהם אַלעס גלייך צו געבען, מוזט אָבער דערביי בעדיינקען, אַז די פריי־געביגקייט פון דער ליעבע, איז איינע פון די אורזאַכען, וואָס קירצען אָפּ איהר עקזיסטענץ.

*

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען אַ געשרעך אין אַ געזעלשאַפט איבער דער פראַגע: „וואָרום די בלומען, וואָס זיינען די שעהנסטע זאַכען פון דער וועלט, לעבען אַזאַ קורצעס לעבען?" די דאָזיגע פראַגע איז פערהאַנדעלט געוואָרען צווישען אַלטע און יונגע מענער, שעהנע פרויען, ליטעראַטען און געהרלעטע — אַ גאַנצער בוקעט צוזאַמענגעזעצט פון לויטער אינטעליגענטען.
איינע אַ סענטימענטאַלע דאַמע האָט אויסגערופען:
— די בלומען זיינען ווי די ליעבע...
אַן אַנדער דאַמע, אַן ערנסטע און אויסגעצייכענטע פרוי און פאַמיליען־מוטער, האָט צוגעגעבען:
— ניט אַלע בלומען און ניט יעדע ליעבע איז שוואַך און קורץ־לעבעדיג.
איינער אַ פּראָפעסאָר פון באָטאַניק האָט געמאַכט די ריכטיגע בעמערקונג:
— עס זיינען דאָ אַ מין אָרכידעען־בלומען, וואָס בעזיצען די קראַפט זיך מאַנאַטענלאַנג צו האַלטען אויף זייער צווייג, און אויך דאַן, ווען זיי ווערען פון זייער צווייג אָבגעשניטען, בלייבען זיי נאָך אַ צייט לאַנג פריש און שעהן.
רופט זיך אָפּ די סענטימענטאַלע דאַמע:
— די פראַגע איז ניט וועגען אויסנאַהמען אין דער בלומענ־וועלט; די פראַגע איז וועגען בלומען אין אַלגעמיין.

ענטפערט דער פּראָפעסאָר־באָטאַניקער :

— אויף די איינפאַכע בלומען קען מען דורך געוויסע קונסט־מיטלען אָן אונענדליך לאַנגע צייט פריש און קרעפטיג ערהאַלטען, און ווער עס איז געוועזן אין בערלין, אָדער אין סקאַנדינאַוויען, דער האָט געוויס געהאַט די געלעגענהייט צווישען די שויבען פון די פענסטער פרעכטיגע בוקעטען פון איינגעבאַלזאַמירטע בלומען אין זייערע פּרעכטיגע און לעבעדיגע פאַרבען צו זעהן.

די סענטימענטאַלע דאַמע איז אָבער מיט דער ערקלערונג פון דעם געלעהרטען ניט צופריעדען געווען.

— אה, אייניגע באַלזאַמירטע בלומען! — האָט זי מיט א גרימאַסע פון פעראַכטונג אויסגערופען.

אַן אַנדער דאַמע האָט זיך צום פּראָפעסאָר־באָטאַניקער גע־ווענדעט :

— איך וואָלט נאָר וועלען וויסען — האָט זי צו איהם גע־זאָגט — מיט וואָס זאָל מען איינבאַלזאַמירען די ליעבע, כדי זי זאָל אימער פריש און פאַרביג בלייבען.

און דער פּראָפעסאָר האָט געענטפערט :

— מיט שוועפעל־זויערע (וויטריאָל), מיט סובלימאַט, מיט א זאַלב פון אַרסעניק און מיט — — —

א שרעקענס־געשריי האָט דעם פּראָפעסאָר'ס ווערטער אונטער־בראָכען און איבערגעשריען :

— פוי! שרעקליך! דאָס איז די ריינע גאָטעסלעסטערונג! יאָ, דיעזע געלעהרטע זיינען אימער מאַטעריאַליסטען, באַרבאַרען, אונערטרעגליכע מענשען... ניעדער מיט דער וויסענשאַפט!

איינער, א פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט ביז אהער געשוויגען און האָט זיך נאָר בענוגענט די שעהנע דאַמען צו בע־טראַכטען, האָט געמאַכט די בעשיידענע בעמערקונג, דאָס דער פּראָ־פעסאָר־באָטאַניקער איז קיין גאָטעסלעסטערונג ניט בעגאַנגען, און האָט אויך דאָס ערהאַבענע געפיהל פון דער ליעבע ניט בעליידיגט, ווייל אויך די מענשליכע נייגונגען אונטערליעגען די אויסערליכע און אינערליכע איינפלוסען און קענען שוואַכער ווערען, וויעדער־אויפלעבען אָדער אין גאַנצען אָפּשטאַרבען.

— דאַרום, — האָט ער צום שלוס פון זיין בעמערקונג גע־

זאָגט, — מוז עס אויך פאַר דער ליעבע געבען קרעפטען, וועלכע זאָלען איהר העלפען לעבען, העלפען זיך ערהאַלטען און איהר געבען אַן אונגעווערהנליכע לאַנג־לעביגקייט. די הויפּטזאַך איז: די דאָזיגע קרעפטען אויסצוגעפינען און זיי ווי געהעריג איז צו געברויכען.

רופט זיך ווידער אָב די סענטימענטאַלע דאַמע:

— איך וויל גערן וויסען, מיט וואָס קען מען די ליעבע קאָנ־סערווירען.

ענטפערט דער פּסיכאָלאָג:

— לאָמיר זאָגען צום ביישפּיעל, מיט דער טרייהייט פון ביי־דען, וועלכע ליעבען זיך.

— דאָס איז אונלאָגיש, פּראָפעסאָר! — זאָגט די סענטימענ־טאַלע דאַמע צו איהם, — ווען מאַן און ווייב זיינען זיך צו איינאַנ־דער טריי, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל זיי ליעבען זיך, און דאַרפען ניט האָבען קיינע רעצעפּטען, אום זייער ליעבע אין איהר קראַפט צו ערהאַלטען.

רופט זיך אָפּ אַן אַנדערע:

— דער בעסטער היטער און בעשיצער פון דער ליעבע איז די אייפערזוכט.

מישט זיך אריין ווידער אַן אַנדערער מיט כעס:

— ניין! דער בעסטער מיטעל דערצו איז: אימער האָפנונגען צו ערוועקען און זיי קיינמאָל ניט ערפילען.

— ווירקליך? — ענטפערט די סענטימענטאַלע דאַמע מיט ביטערער איראָניע — אייער מיטעל, מיין ליעבער, איז אַן אויסגע־צייכענטער, אום די ליעבע צו לאָזען שטאַרבען דורך אַ גוואַלד־טהע־טיגען טויט.

כאַפּט זיך אויף איינע און זאָגט צו דער סענטימענטאַלער דאַמע:

— דער מיטעל פון יענער דאַמע, אימער האָפנונגען צו ערוועק־קען און קיינמאָל ניט ערפילען, איז ניט נאָר פאַר אונז אַ געפעהרלי־כער, ער מאַכט אונז דאַמען אויך קיין עהרע. נאָך מיין מיינונג אָבער, איז דאָס בעסטע אַנטיסעפּטיקום אין דער ליעבע — די ק אָ־ק ע ט ע ר י ע.

— בראַוואָ! בראַוויסימאָ! — אַפּלאָדירט אַ צווייטער ענער־

גיש — אָבער ניט סטייליש די האָר פּאַרמאַקט און ניט רייצענד עלעגאַנט אָנגעצויגען פאַר דעם מאַן ערשיינען, איז אויך פאַר דער ליעבע זעהר שעדליך!

— און דעם שטיקעל ביסקוויט, אָדער דעם שטיקעל צוקער, וועלכען מיר דארפען שיינקען, מוז מען אימער הויך האַלטען! — האָט אַן אַנדערע פון איהר זייט צוגעגעבען. — האָט איהר ניט געזעהען ווי די הינד שטעלען זיך אויף די הינטערסטע פיס און האַררען אויס לאַנג אין דער דאָזיגער אונבעקוועמליכער שטעלונג, ביז מען וואַרפט זיי צו פון דער הויך דעם שטיקעל ביסקוויט, אָדער צוקער? אָט אַזוי דאַרפען מיר פרויען מיט די מענער אויך זיך בעגעהן — הויך האַלטען אונזער ביסקוויט אָדער צוקער און זיי לאָזען לאַנג בעטלען.

כמעט אַלע דאַמען, וואָס זיינען געווען אין דער געזעלשאַפט, האָבען זייערע מיינונגען ארויסגעזאָגט, נאָר איינע, די עלטעסטע דאַמע, האָט די גאַנצע צייט געשוויגען.

זי איז אַלט געוועזען, אָבער זי האָט נאָך געהאַט פּרעטענזיעס יונג צו זיין, און מיט דער קונסט פון איהר שניידערין, פון איהר פּאַרפומער און איהר פאַרבער, איז עס איהר איינינגער מאָסען געלונגען, ווען זי פלעגט זיך אַוועקזעצען אין דעם האַלב־דונקעל פון אַ ווייטען ווינקעל, נאָך עטוואָס ערפאָלג צו ערקעמפּפען.

זי האָט צוויי אָדער דריי מאָל מיט איהר פעכער אויף דעם טיש אָנגעקלאַפּט, אום די געזעלשאַפט אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף דעם, וואָס זי וויל זאָגען, און ווייל זי האָט געגלויבט, אַז מיט דעם אַליין וועט זי איהר ציעל ניט ערדייכען, האָט זי איינינגע מאָל זיך אויסגעהוסט און האָט לויט אויסגערופען:

— מיינע העררען און דאַמען! איך ווייס ניט, וואָס די מענער דאַרפען טהאָן, אום אונזער ליעבע צו געווינען. דאָס איז אַ זאַך וואָס געהערט צו זיי אַליין, איך קימער מיך ניט וועגען דעם. אָבער איך ווייס, וואָס מיר פרויען מוזען טהאָן, אום זיי צו האַלטען אויף די קניע צו אונזערע פיס...

נאָך די עטליכע ווערטער האָט זי געשוויגען.

און ווייל זי האָט ניט געענדיגט, האָט מען איהר פון אַלע זייטען פערשטורעמט מיט אונגעדולדיגע פראַגען:

— וואָס איז אַלזאָ נאָך אייער מיינונג דער בעסטער אַנטיסעפּ־טיקום אין דער ליעבע?

נאָך אַ היבשע ווײַלע האָט זי געשוויעגען, וויעדער געקלאַפּט מיט דעם פעכער, דאַן גאַנץ לויט אויסגערופען:

— די פּעראַכטונג!

איינער, אַן עהרווירדיגער אַלטער מאַן, האָט די גאַנצע צייט געשוויגען און האָט זיך אין דער דעבאַטע ניט אַריינגעמישט. ער האָט נאָר די דעבאַטע מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען צוגעהערט. דער אַלטער מאַן איז ניט געווען קיין פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע, אָבער ער האָט שטענדיג מענער און פרויען מיט גרויס ליעבע און נאַכזיכט געשטודירט.

— איהר וועט מיר ערלויבען אויף מיין מיינונג צו זאָגען! — האָט ער אויסגערופען — איך האָב צום מינדעסטען לייגער פון אייך אַלעמען געלעבט און מעהר מענער און פרויען געזעהען...

— נו, נו! — האָבען מעהרערע געפרעגט — ווי הייסט אייער רפואה, וואָס מאַכט די ליעבע לאַנג לעבען?

— די בעסטע רפואה, וואָס מאַכט די ליעבע געזונד, שטאַרק און לאַנגלעביג איז... איז...

— נו, נו?

— איז די צ נ י ע ו ת, ד י ז י ט ז א מ ק י י ט, די שטריינגע מ אָ ר אַ ל!

אַלע האָבען געשוויגען. איניגע פאַר איבעראַשונג, אַנדערע האָבען זיך פאַרטאַכונג דערמאָנט אָן זייער ווייטע פערגאַנגענהייט און וויעדער אַנדערע פאַר ווייטאָג, וואָס זיי קענען דאָס ניט פער־שטעהן.

*

נון, מיין ליעבע עממא, דער ראָזיגער אַלטער מאַן איז געווען דער איינציגער אונטער אַלע, וועלכער האָט די ריכטיגע בעהויפּטונג אַרויסגעשפּראָכען, און ווען דו וועסט שוין אַ געוויסע צייט פער־הייראַט זיין, וועסט דו איהם זיכערליך רעכט געבען.

* *
*

# דאָס שלום־וואָרט.



אָס בוך, מיינע פריינדליכע לעזערינען, איז קיין ראָמאַן, אָבער עס איז צום ווענינגסטען א בוך, ווייל עס האָט א טיטעל־בלאַט און אַן אינהאַלטס־פערצייכנים, ווייל עס איז אין פערשיעדענע קאַפּיטלעך איינגעטהיילט, ווייל עס האָט א פערפאַסער, אויך א פערלעגער, וואָס איז זיין סנדק, און ווייל עס האָפּט לעזער און איבערהויפּט לעזערינען צו האָבען.

דיעזעס בוך וואָלט קיין בוך געוועזען, ווען עס וואָלט קיין שלום, קיין ענדע געהאַט, און דעם שלום וויל איך אייך געבען מיט איינינע ווערטער.

נאָכדעם ווי עממא האָט איהר פריינדין אויסגעהערט און נאָכדעם ווי זי האָט איהר פּאָטערס מאַנוסקריפּט איינינע מאָל דורכגעלעזען און מיט איהרע טרערען בענעצט, האָט זי חתונה געהאַט מיט דעם אינזשינער רינאַלדיני.

און איך, וואָס קען זי זעהר גוט, קען אייך זאָגען, אַז זי האָט מיט דעם זעהר גוט געטהאָן, ווייל זי איז זעהר גליקליך, און איהר גליק איז איינס פון יענע גליקען, וואָס געדויערט ביז דעם לעצטען אָטהעם־צוג.

ע נ ד ע.

# די פרויען פון אונזער צייט


פון פראָפעסאָר פּ. מאַנטעגאַצצאַ

איבערזעצט פון מ. זייפערט.


**פרייז 35 סענט**


פערלאַג:

S. KANTROWITZ

129 LAFAYETTE STREET, NEW YORK

# די אונשולד

פון בעריהמטען איטאַליענישען פראָפעסאָר

## פאול מאנטעגאצצא

פריי איבערזעצט פון מ. ק א ט ץ.

עס איז גאָר קיין ווערטער ניטאָ צו שילדערן די טיעפע געפיהלען פון מענשליכע הערצער, ווי עס ווערט געשילדערט אין דיעזען בוך.

אַ וועלט מיט זיסקייט, אַ וועלט מיט הימעלשען געננוס, אַ וועלט מיט פייע־ריגע ליעבע און איבערגעבענהייט האָט פראָפעסאָר מאַנטעגאצצא אריינגעגעבען אין דעם בוך

## די אונשולד

אין דעם בוך ווערען בעהאַנדעלט און בעשריבען די פאָלגענדע קאַפּיטלען:

**די שעהמעדיגקייט.**
איין אוצר פון טוגענד ביי דער פרוי.

**די יונגפרויליכע אונשולד.**
דאָס איז אַ לעבעדיגער מלאך אין מענשען־געשטאַלט.

**די עראָבערונג און די מענשליכע ליידענשאַפט.**
ווי דער מאַן קעמפפט און ווי די פרוי פיהרט איהר סטראַטעגישע פערטיידיגונג.

**ווי מען קען די ליעבע אויפהאַלטען און ווי מען קען זי טויטען.**
אַ לעסאָן ווי צו פיהרען זיך אַלס חתן־כלה און שפּעטער אַלס מאַן און פרוי.

**ווי הויך און ווי טיעף איז די ליעבע.**
די ליעבע איז העכער ווי אַלע הימלען און טיעפער ווי דער אָב־גרונד פון ים.

**ליעבליכע נאַרישקייטען דער ליעבע.**
און אַלע נאַרישקייטען זיינען גאָר חכמות. אַ ביסעל גליק, איין אונץ מזל, און די גרעסטע נאַרישקייט איז אַ חכמה.

**די ליעבע און די אַנדערע געפיהלען.**
ווי די ליעבע בעהערשט אַלעס אַרום איהר.

די לעזער וואָס האָבען געלעזען

### די קונסט פון ליעבען און געליעבט צו ווערען

פון פּראָפעסאָר מאַנטאַגעצצא,

קענען זיך מאַכען אַ בעגריעף וואָס פיר איין אוצר פון געדאַנקען און געפיהלען ער וועט געפינען אין דיעזען בוך.

**ווערטה איין דאַלאַר, פיר בלויז 20 סענט.**

**S. KANTROWITZ, 129 LAFAYETTE STREET, NEW YORK**

